№ 17.

צווייטער יאָהרגאנג

יודישע

# פאָלקס־צייטונג.

22 April 1903. פערלאג „פאָלקס־בילדונג" וואַרשא. כ"ה ניסן תרס"ג.

# בוכהאנדלונג
פון
## מרדכי קאצענעלענבאגען אין ווילנא
(עקסעסטירט שאן 50 יאהר).

איך רעכען פיר איבריג צו לויבען אונ רעקלאמירען מיין בוכהאנדלונג, וועלכע עקסעסטירט שאן זא לאנג אונ האט זיך א שם־טוב ערווארבען. די פיעלע אונ גוטע אונזערע אויסגאבען, הן אין העברעאיש הן אין זשארגאן, זענען די בעסטע עדות דערויף. איך מאך נור אויפ־מערקזאם, דאס די לעצטע צייט האט זיך מיין געשעפט פיעל אויסגעבעסערט אונ פערגרעסערט געווארען מיט פיעל העברעאישע אונ זשארגאנישע ביכער, וועלכע זענען ערשיענען דורך מיין פערלאג, אונ שטענדיג געפינט זיך אויפ'ן לאגער א גרויסער אויסוואהל פון אלע זשארגאנישע בעסטע ביכער, פון די בעסטע בעריהמטע שריפטשטעלער.

אויך געפינט זיך אין מיין בוכהאנדלונג אלע ספרי חנוך ולמוד (אוצעבניקעס) מכל הפערלאגען; ספרי מליצה ושיר, ספרי פלפול ודרוש וכל מיני רומעל מכל בתי־הדפוס הן ממדינתנו והן מחו"ל.

איך פערקויף צו ביליגע פרייזען די אלע פאל־גענדע ביכער פון מיין אייגענעם פערלאג:

כל שירי גארדאן פרייז מיט פארטא 7 רובל.

ספרי פרץ סמאלענסקין פרייז 13.90 רובל מ"פ.

בית הספר השלם מיט רוסיש אונ זשארגאן חלק א' 50 קאפ'; חלק ב' 60 קאפ'; חלק ג' 90 קאפ'.

בית הספר השלם מיט רוסיש חלק א' 40 קאפ'; חלק ב' 55 קאפ'; חלק ג' 80 קאפ'.

מטמון הילדים חלק א' 60 קאפ'.

המחנך השלם מאת גדליהו סופר מיט רוסיש אונ זשארגאן 80 קאפ'. מיט זשארגאן אליין 60 קאפ'.

יעצט איז ערשיענען דורך מיין פערלאג די נייע אוצעבניקעס:

תינוקות לבית רבן פיר אנפענגער, פרייז 15 קאפ' מיט פארטא.

פרדס הילדים פיר אנפענגער, מיט פראכטפאלע אילוסטראציעס, גראסארטיג געדרוקט, פרייז מיט פאר' 50 קאפ'.

☞ בוכהענדלער אונ ציוניסטישע אגודות בעקומען פראצענט. ☜

187 10—3

אדרעסע:

Въ книжный и картинный магазинъ
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНЪ, г. г. ВИЛЬНА.

---

## וויכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי און גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד"
„ТРУДЪ" פון א. קאמען, ווארשא, סאלנא 10

נעהמט אָן פערשידענע פראכט אונ איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע אונ שענסטע אָרנאמענטען אונ שריפטען, נעהמט אָן בעשטעלונגען אויף איינבינדען אונ בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. וו.

☞ בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף פרעזענטען ☜

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה" אונ „אחיאסף" אונ פיעל אנדערע.

זיך צו ווענדען שריפטליך אונ מינדליך אן

164 **А. Камень,** Варшава, Сольная 10. 10—8

---



## גענעזע מערידען אונ פוקלעס!

אפאראט וועלכער היילט גרינדליך אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר' 50 קאפ.

**Д. МОШК ВСКІЙ** Варшава, Налевки 37.

(55) (25— )



---

בבית מסחר הספרים של האחים
## לעווין עפשטיין ושותפיהם
ווארשא. געגשא נומר 5.

נמצא להמכר יותר משלשת אלפים מיני ספרים מכל המקצעות והם: חומשים, מחזורים, סדורים, שו"ת, דרוש, פוסקים, שס"ם ואלפסין, ספרי למוד, מליצה, מחקר, שיר והספרות היפה; ספורים בזארגאן. — בית־המסחר הנ"ל ממלא רצון הקונה עצהיו"ט.

אדרעסע:

Ком. тов. Братьевъ Левинъ-Эпштейнъ и Ком.
Варшава, Гусья № 5.
Kom. Ges. Gebr. Lewin-Epstein & Co., Warschau,
168 Gesiastr. 5. 11—7

☞ קאטאלאג מפורט יצא לאור, מחירו 20 קאפ.

---

## דרוקעריי עט ליטאגראפיע
# ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.
(געגרינדעט אין 1860 יאהר)

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען אונ רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, אונ האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיעל ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם משך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט אונ פערצירונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערען די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען ביכער, העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע וכו'; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען אלערליי עטיקעטען, פרייז־קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, פאסט־פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט־קארטען וכו'.

אויך געפינט זיך שטענדיג אויפ'ן לאגער קארמעלקעס עטיקעטע. אלעס ווערד פיין אונ שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(189) אדרעסע: 3—3

Въ Контору паровой типо-литографіи
**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

## !!! וויכטיגע נייעס !!!

עס איז ערשיענען פון דרוק א נייע, וויכטיגע כריסטאמאטיע גרינדליך אוים צו לערנען די רוסישע אונ דייטשע שפראכע אין זשארגאן אונ קאלי־גראפישע פראפיסען. ביידע פון ה' יוסף גאראדינסקי, דער מהבר פון הויז־קארעספאנדענט.

פרייז מיט פארטא 40 קאפ'. בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך איז ערשיענען א פיערטע נייע אויפלאגע פון דעם הויז־קארעס־פאנדענט, מיט פיעל אויסבעסערונגען אין דעם טעקסט רוסיש־זשארגאן אונ מיט א נייע צוגאבע דייטשע־בריעף אונ קאליגראפישע פראפיסען.

פרייז מיט פארטא 30 קאפ'. בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך געפינט זיך ביי מיר אין בוכהאנדלונג מיין אייגענער פערלאג פון ד"ר רובינ'ס ווערק: 1) החיים והמות; 2) סגולות בעלי חיים; 3) מלחמת הנגלה והנסתר; 4) סגולות הצמחים; 5) מערכת טעמי המצות.

אויך געפינט זיך ביי מיר אלערליי השכלה ספרים פון אלע פערלאגען, ספרי חנוך, מליצה ושיר וספרי רומעל פון אנדערע פערלאגען אונ אייגענע.

אדרעסע:

Книжный магазинъ С. Розумовскаго, Бердичевъ.

177 אדער אין דער פיליע: 10—6

Варшава, Налевки 34, Арону Цейлингольду.

אבאנאמענטס-פרייז:

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 "
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 "
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהרליך 10 שילינג
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 12 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהר-ליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס-צייטונג

## א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעססע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעססע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:

יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער. 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער. 80 פעניג.

22 April 1903. Nr. 17. כ"ה ניסן תרס"ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

### דעם נומער 13

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף איין פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט ארייננשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף דריי פיערטעליאהר 3 רובל; א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1-טען אפריל צושיקען

### די צווייטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכמ'ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען ארייננצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

דער ערשטער באנד „אלע ווערק פון שלום עליכם" וועט ארויס פון דרוק באלד נאך פסח און גלייך צעשיקט ווערען אלע אבאנענטען, וועלכע האבען איינגעצאהלט פאר דעם. די ווייטערדיגע בענדער וועלען ערשיי-נען צו דער צייט, יעדער באנד אם ענדע פון יעדען פיערטעל יאהר.

### די אדמיניסטראציע.

אנמערקונג: 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים ארייננשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווינציגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1; פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט. 4) די אבאנענטען, וואס האבען ארייננגעשיקט דעם 1-טען יאנואר 1 רובל 25 קאפ. אדער 1 רובל 50, דארפען צום 1-טען אפריל צושיקען די ערשטע 75 קאפ און די צווייטע 50 קאפ. לויט אבאנאמענט פרייזען וואס געפינט זיך אויף יעדען בלאט.

## פאליטישע ענינים.

(די לאגע אין מאקעדאניע, די גייסטליכע אין פראנקרייך, פראנקרייך און דער פאפסט, ענגלאנד און אירלאנד).

די לאגע אין מאקעדאניע איז די לעצטע צייט זעהר ערנסט געווארען. דער שלום, וואס מען האט געמיינט, אז נאך די אזהרה וואס די רוסישע רעגירונג האט געשיקט צו די מורדים, וועט זיין פעסט און זיכער, איז צעשטערט געווארען, אדער ריכטיגער געזאגט: עס איז גאר קיין שלום קיינמאל נישט געווען. די גאנצע צייט, וואס עס איז אויף דעם באלקאנישען האלב-אינזעל רוהיג געווען האבען די מורדים זיך צוגעגרייט צו א נייע מרידה, צו א נייע מלחמה און דער אנפאנג פון דער מרידה האט א שטארקען איינדרוק געמאכט אין איירא‍פא. עס האט שוין געקאסט א רעכט ביסל בלוט. די הויפט-מורדים זענען איצט די אלבאנען, וואס ווילען א פנים מען זאל זיי אויך גע-בען איין אייגענע הערשאפט. דאס עזות פון די מורדים איז שוין נישט

צו דערטראגען, זיי ערלויבען זיך שוין צופיעל. אנפאנג אפריל האט איין אלבאנער געשאסען אויף דעם רוסישען קאנסול שטשערבינא אין מיטראוויצא און דער קאנסול איז פון דעם געשטארבען.

שווער צו פארשטעהן איז, ווער עס רייצט אן די קריסטליכע פעלקער אין טערקיי, זיי זאלען אזוי שטארק ארויסטרעטען געגען די טערקען. די רוסישע רעגירונג האט דייטליך גענוג געזאגט, אז זי וועט זיי נאר דענסטמאל העלפען ווען זיי וועלען זיך האלטען רוהיג און פארלאנגען וואס זיי קומט מיט פרידען, קוים אבער וועלען זיי פריי ווען צו מאכען אונרוהען אין לאנד זאלען זיי וויסען, אז רוסלאנד וועט פון זייערטוועגען קיין איינציגען טראפען בלוט נישט פארגיסען; מיט רוסלאנד געהט עסטרייך האנט אין האנט.

אויף פראנקרייך איז אויך שווער צו גלויבען, אז זי זאל בסוד שטיצען די מורדים אין טערקיי, איהרע אינטערעסען זענען דארט זעהר ווענינ, ווי מיר האבען שוין נישט איינמאל בעוויזען איז פראנקרייך די לעצטע יאהרען פארטון צו מאכען ארדענונגען אין לאנד גופא, און איהר געהט וועניג וואס אן, וואס עס טוט זיך אין פרעמדע לענדער. און צו טון אין איהר לאנד האט זי זעהר פיעל. די פראגע פון די גייסטליכע, וועלכע דער פאריגער מיניסטער־פרעזידענט וואלדעק־רוסא האט אנגעפאנגען צו בעהאנדלען, האט זיך דערווייל נאך נישט געענדיגט און ווער ווייסט ווי לאנג עס וועט נאך דויערען ביז עס וועט זיך ענדיגען. די לעצטע 20 יאהר, וואס פראנקרייך האט נאר געטראכט ווי זיך נוקם צו זיין אין דייטשלאנד, האט זיך די גייסט־ליכע פארטיי זעהר געשטארקייט אין פראנקרייך, און עס וועלען אוועקגעהן יאהרען ביז מען וועט איהר צוריק שוואך מאכען, אז זי זאל נישט מעהר קענען שאדען די מדינה. פראנקרייך זעהט ערשט וואס פאר א פעהלער זי האט געטאן, וואס זי האט איהר געלאזט ווערען אזוי שטארק. אמת דער היינטיגער מיניסטער־פרעזידענט קאמב ארבייט זעהר ענערגיש געגען איהר. קאמב שרעקט זיך פאר קיין זאך נישט, ער שרעקט זיך אפילו נישט פאר דעם פאפסט, וואס שטיצט די גייסט־ליכע מיט אלע כחות און העצט זיי אונטער געגען פראנקרייך, קאמב האט שוין דעם פאפסט אפילו געגעבען איין אנצוהערעניש, אז אויב ער וועט נישט אויפהערען צו העצען די גייסטליכע וועט זי צונעמען איהר געזאנדטען פון "וואטיקאן", וואו דער פאפסט הערשט און וועט ווערען דעם פאפסט איין עפענטליכער שונא. דערווייל איז דאס אפילו נישט מעהר ווי געטראשעט, דען אז דער אבגעארדענטער קלעמענסא האט פארלאנגט, אז מען זאל מבטל זיין דאס געזאנדשאפט אין וואטיקאן, איז דער מיניסטער דעם אייסערען דעלקאסע ארויס־געטרעטען אנטגעגען, אבער ווען דער פאפסט זאל טאקי נישט אויפ־הערען צו מאכען אינטריגעס אין פראנקרייך וועט די רעגירונג מוזען ארויסטרעטען עפענטליך געגען איהם. ווי די מעשה איז, פראנקרייך האט צו טון גענוג ביי זיך אין דער היים און וועט זיך נישט מישען אין די ענינים פון טערקיי.

נאך וועניגער פאר פראנקרייך וועט זיך דייטשלאנד אננעמען פאר די קריסטען אין טערקיי. איהר זענען די דארטיגע ענינים כלל נישט נוגע. דייטשלאנד, וועלכע טרעט נישט אב א טריט פון ביס־מארקס שיטה, וועט א ודאי אויך היטען זיינע ווערטער: "גאנץ טערקיי איז ביי מיר נישט ווערט וויפיעל איין פאמערשער סאלדאט". דאס הייסט, אז צוליב טערקיי וועט דייטשלאנד אפילו קיין איינציגען טרא-פען בלוט נישט פארגיסען.

די איינציגע וואס האט גרויסע אינטערעסען אין טערקיי און וואס האט בכלל ליב אונטערצוהעצען צווישען איין מלוכה און דער אנדערער, בכדי דערנאך צו קומען ביים פארטיגען און נעמען זיך א גוטען חלק, איז ענגלאנד. אבער עס איז זעהר גאריש פון די קריסטען אין טערקיי ווען זיי בויען עפיס אויף ענגלאנד, זיי דארפען פאר־שטעהן, אז נישט מחמת רחמנות און ישרנות נעמט זיך ענגלאנד אן זייער קריוודע. פון איהר בענעמען זיך מיט די אירלענדער, וואס זי האט געמאכט א פריי פאלק פאר קנעכט ביי די ענגלישע לארדען, קענען זיי פארשטעהן, אז ענגלאנד איז אויך נישט כלו זייד, אז אלע

# פעליעטאן.

## מיין ערשטער ראמאן.

פון

### שלום־עליכם.

(ענדע פון נומער 14).

### דאס אכטע קאפיטעל.

(איך באד זיך אין ליגען און גליה ווי אויף פאקען.)

דער מענש וואס איז פארליבט קאן מען דאס איבערלייענען ביי איהם אויפ'ן פנים, ארויסזעהען נאך דער נאז, מע בעדארף זיך נאר רעכט צוקוקען צו איהם, ווי די אויגען בלאנזען ביי איהם ארום, ווי ער שמייכעלט עפיס מאדנע, ווי ער ענפערט נישט צו דער זאך, ווי ער קוקט אלע מינוט אין שפיגעל, בייט אלע טאג דאס האלז טיכעל, און אז ער נעהט טאנצט ער, און איז א גוטער פריינד דער גאנצער וועלט, ער זאל זיך ניט שעמען פאר לייטען וואלט ער זיך צעקישט מיט'ן קוימענקעהרער...

נאך מיר איז אבער ניט געווען ווער עס זאל נאכקוקען. אמת א פאר מאל האט מיך מיין תלמיד א פרעג געטהאן בשעת מיר האבען געשפיקט אין "ראמקעס", וואס בין איך עפיס אזוי צעטראגען, וואס איך שלאג מיינע אייגענע ציגלעך?... האב איך מיך געוואונדערט און גע־פרעגט: וואסערע ציגלעך?... אויך מיין פרינציפאל האט ביים טיש זיצענדיג מיך א תאפ געטהאן, וואס האב איך אזא שלעכט פנים! האט איהם די בעל־הבית'טע מיט די שליסלען א זאג געטהאן (כלומר'שט מיט א רחמנות פנים און אין הארצען איז איהר צוגעקומען א שטיק גע־זונט), אז "פון א צייט אז דער לעהרער עסט גאר ניט!..."

— וואס איז די מעשה? — האט מיך דער פרינציפאל א פרעג גע־טהאן און האט אליין געענפערט פאר מיר: ס'איז פון צופיעל ארבייטען, פון צופיעל לערנען; גאנצע טעג זיצט איהר פארשפארט אין צוויי'ן און לערנט; געהט זיך אמאל דורך!...

— ווען האבען מיר צייט געהן, אז מיר האבען אזוי פיעל ארבייט? — האט זיך אריינגעמישט מיין תלמיד אזוי תמעוואטע־נאיוו, אז עס האט זיך מיר געגליסט איהם אנשפייען אין פנים און אויסשרייען אויף א קול:

— גוואלד, גוואלד, יודישע קינדער, וואס פאר ליגנערס איהר זענט! א ליגנער אויף א ליגנער, איין ליגנער גרעסער פונ'ם אנדערען!...

איך האב דאס אבער ניט געזאגט; אנשטאט דעם וואס איך זאל זיי זאגען דעם אמת, האב איך בעסער געזאגט א ליגען:

— איך האב מיך פארבענקט אהיים...

וואס זי טוט טוט זי נאר צ'ליב איינענע נוצען און זיי דארפען זיך אויף איהר נישט פארלאזען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דעם אלבאנישען מערדער פון דעם רוסישען קאנסאל שטשערבינא אין מיטראוויץ האט מען פארמשפט צום טויט.

— א בולגארישע באנדע איז איבערפאלען א טערקיש דארף און האט אויסגעהרג'ט מענער, פרויען און קינדער, מעוברת'ע ווייבער האבען זיי דעם בויך אויפגעשניטען.

— שלעגערייען צווישען בולגארישע באנדען און טערקיש מיליטער טרעפען זיך יעדען טאג.

— אין ברעמען (דייטשלאנד) איז געווען פאריגע וואך אקאנגרעס פון אלע לענדער צו בעקעמפען דעם אלקאהאל־נעגוס.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** נישט לאנג האט מען אין קיעוו אנגעהויבען בויען א שולע פאר יודען מיט איין אבטיילונג וואו זיך צו לערנען א מלאכה. די דאזיגע שולע איז געבויט אויף דעם פלאץ, וואס דער יודישער גביר ל. ב־אדסקי האט געשאנקען. די שולע וועט זיין איינגעארדענט אויף דעם בעסטען אופן און וועט קאסטען איין ערך פון 200,000 רובל.

— דער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג און דער מיניסטער דעם אייסערען האבען ערלויבט צו עפענען אין קיעוו איין אבטיילונג פון דער פעטערסבורגער חברה „מרבי השכלה".

— די חברה „מרבי השכלה" אין פעטערסבורג האט נישט לאנג געמאכט א ליטעראטור און געזאנג־אבענד. די הכנסה פון דעם אבענד האט מען פארברויכט פאר די עלעמענטארשולען אין די פראווינץ־שטעדט.

— איינינע יודען האבען דערלאנגט בקשות צו דער רעגירונג, מען זאל זיי ערלויבען קויפען לאנד אין דער שטאדט „דאלני". דאס רוב פון די וואס האבען די דאזיגע בקשות דערלאנגט וואהנען שוין פון לאנג אין סיביר.

— אין ווארשא האט מען געפונען געהרג'עט א יודישע אלמנה מרים הירשבערג, וועלכע איז געוועזען זעהר א רייכע. די דאזיגע אלמנה האט געהאט 2 דיענסטען, איינע א יודישע און איינע א קריסט־ליכע. די יודישע דיענסט האט זיך אויף מארגען נאך דער רציחה דערוואוסט באלד אין דער פריה, אז די קריסטליכע דיענסט איז נישטא. שפעטער, אז זי האט געזעהען אז איהר מאדאם איז נאך נישט אויפגעשטאנען און אז די טיר איז פארשלאסען, האט זי גערופען דעם סטאראזש און זענען ביידע אריין אין איהר צימער און האבען איהר געפונען ליגענדיג אין א שטראם בלוט. די אייזערנע קאסע אפען און דאס געלד איז נישטא. ביי דער אונטערזוכונג האט מען געפונען אין דער קריסטליכער דיענסט'ס בעט א בריף אהן א נאמען, אין וועלכען מען שרייבט איהר, אז מען ערווארט איהר ביים גרענעץ. אויך האט מען געפונען א טיכעל מיט בלוט־פלעקען אין איהר בעט. אין אפאר טעג שפעטער האט די פאליציי געחאפט די מערדערין אויף דעם וואגזאל אין סאסנאוויץ, א שטעדטל ביים גרענעץ. ווי מען איז פון איהר דערגאנגען, האט זי איינע אליין בעגאנגען די רציחה, זי האט זיך מיט א כיון געשטעלט דיענען ביי דער הירשבערג, ווייל זי האט געוואוסט, אז זי איז זעהר רייך. די יודישע דיענסט האט זי איינגעשכור'ט מיט ביער, אין וועלכען זי האט אריינגעגאסען בראנפען. אז זי איז אריינ־געקומען צו איהר מאדאם אין צימער איז זי נאך נישט געשלאפען. אויף די מאדאמ'ס שאלה, וואס זי דארף האט זי איהר דערלאנגט מיט דעם אייבערשטע פון א שטויסעל אין קאפ און דערנאך האט זי איהר מיט א מעסער דורכגעשניטען דעם האלז, און דערנאך מיט דעם שליסעל, וואס זי האט פון אונטער די מאדאמ'ס צוקאפענס ארויסגע־נומען, געעפענט די קאסע און ארויס גענומען דאס געלד. ביי דער מערדערין אין קעשעניע האט מען געפונען 400 רובל און נאך 12,000 רובל איינגענייט אין די קליידער. די מערדערין האט מען געבראכט קיין ווארשא.

**עסטרייך־אונגארן.** די חברה כל ישראל חברים אין וויען האט געשיקט א דאנק־בריף דעם אבגעארדענטען פראפעסאר ד"ר סקעדל (א קריסט) דערפאר וואס ער האט פארגעטראגען די יודישע פראגע אין רומעניע פאר דעם עסטרייכישען פארלאמענט.

**דייטשלאנד.** די מיטגלידער פון דעם הילפס־פעראיין קאמיטעט

---

— נישקשה, ער מעג בענקען! — האט מיר מיין פרינציפאל אונטער־געהאלפען דעם ליגען מיט'ן גאנצען כח פון זיין רייכער פאנטאזיע — ער האט נאך וועמען צו בענקען: זייער משפחה איז די ערשטע, די איינציגע משפחה, ניט נאר ביי זיי אין שטאדט, מע קאן זאגען, אז אין גאנצען קאנט געפינט מען ניט אזא משפחה. דער קאוונער רב איז דאכט זיך אייערער איין אייגענער געוועזען?

— א פעטער — זאג איך גאר אומפארשעמט.

— און דער פארעצער מגיד איז דאכט זיך אויך געוועזען אייערער א פעטער?

— איין עלטער פעטער — זאג איך.

— און עפשטיין, דער גרויסער עפשטיין — וואס גערט זיך מיט אייך אן?

— א שני בשלישי — זאג איך.

— און רב משה'לי האלפערן איז דאכט זיך אויך אייערס א פריינדל.

— פון דער מאמעס צד — זאג איך.

— נו און די טאלטשינער — זאגט ער — די טאלטשינער גבירים האב איך געהערט זענען אייך גאר נאהינטע קרובים דאכט זיך?

— שוועסטער קינדער — זאג איך — פון דער מאמעס צד, אייגענע שוועסטער קינדער.

און איך בין העכסט צופרידען, נישט אזוי מיט מיינע נייגעבאהרענע קרובים, ווי מיט דעם וואס איך קאן מיר זיין רוהיג, וואס איך קאן מיר בלייבען אליין מיט מיינע זיסע חלומות, מיט מיינע הייליגע גע־פיהלען און מיט די ליבע זיסע טהייערע בריוועלעך פון מיין תלמיד'ס כלה, וואס זענען ביי מיר טהייערער פון אלע מיינע אויסגעטראכטע און אמת'ע פריינד, פון אלע מיינע ווייטע און נאהינטע קרובים.

אט וואס זי שרייבט מיר אין איינעם פון איהרע ווייטערע בריף:

מיין איינציגער טרייסט! מיין מלאך פון הימעל!

וואס זאל דאס באדייטען, וואס דו ביזט אזוי טרויעריג? פאר וואס זעהען אוים דיינע לעצטע בריף אזוי מעלאנכאליש? למאי רעדסט דו פונ'ם טוידט? וואס באדייטען דיינע רעטהעניש'ן וואס דו ליינסט מיר פאר? פאר וואס זאגסטו דו אויף זיך, אז דו ביזט דער אומגליקליכסטער פון אלע אומגליקליכע? למאי זאלסט דו מיר אנטהון אזוי פיעל יסורים? פאר וואס זאלסט דו מיר ניט אנטפלעקען יענעם גרויסען סוד, וואס דו טראגסט באהאלטען? וואס פאר סודות קענען ביי דיר זיין פאר דער, וואס האט אזוי ליב נאר דיך און ווייטער קיינעם ניט, און וואס קוקט שוין ארוים, צעהלט שוין די טעג פון אונזער גיכען גליקליכען פארבינדען זיך אויף אייביג?!...

דערויף איז אוועק געגאנגען פון חתנ'ס צד אזא מין תשובה:

ה׳ פאול נאטהאן און דזעמס סימאן האבען זיך פארגעשטעלט פאר דעם דייטשען קאנצלער גראף ביל או ו און האבען איהם געבעטען, ער זאל זיך אננעמען פאר די יודען אין רומעניע. וואס דער גראף בילאוו האט זיי געענטפערט ווייסט מען נישט, נאר לויט די רעד פון די דאזיגע מיטגלידער ווייזט אויס, אז ער האט זיי צוגעזאגט צו טון וועגען דעם.

— די חברה צו פארברייטען מלאכה און לאנד־ארבייט צווישען די דייטשע יודען האט נישט לאנג געמאכט א גרויסע אספה און מען האט געמאכט תקנות צו דער חברה. פיעל אנדערע פעראיינען זענען צוגעשטאנען צו דעם פעראיין. יעדער פעראיין האט זיך מתחייב געווען צו צאהלען יעדעס יאהר אין צענטראל פעראיין נישט וועניגער ווי 20 מארק א יאהר.

— דער ערצבישאף אין קעלן האט געשיקט א בריף צו אלע גייסטליכע, וואס שטעהען אונטער זיין שוץ, זיי זאלען זיך פיהרען בעסער געגען די מענשען פון אנדערע גלויבענס, און די וואס מאכען אן העצעס און פארשפרייטען שנאה צווישען איין פאלק און דעם צווייטען זינדיגען דערמיט געגען דייטשלאנד.

**ענגלאנד.** די חברה יק״א האט בעשלאסען איבערצומאכען איהרע תקנות, וועלכע דער מיסד באראן הירש האט איינגעפיהרט. לויט יענע תקנות טאר זי אין אייראפא קיין זאך נישט טון, אבער נישט אין איירא פא האט זי קיין זאך נישט צו טון. די קאלאניעס, וואס זי האט געגרינדעט אין ארגענטינא זענען נישט געראטען און יק״א וויל דעריבער מאכען די חברה פאר א פשוט׳ע צדקה חברה. מען רעדט, אז צווישען די חברים פון יק״א איז איצט פאראן חלוקי־דעות.

**פראנקרייך.** די שטאדט־פערוואלטונג אין אלזשיר האט בעשלאסען צו געבען דער יודישער געמיינדע 9000 פראנק, וואס עס פעהלען איהר אויס צו בויען א פארקען צום בית הקברות.

**ארץ־ישראל** אין דער ביבליאטהעק „בית נאמן״ אין ירושלים, וועלכע דער ד״ר יוסף חאזאנאוויטש אויס ביאליסטאק האט געגרינדעט, געפינען זיך שוין ביז 18,233 ספרים. דערונטער: העברעאישע 10,905, זשארגאנישע 900, רוסישע 766, דייטשע 2505, פראנצויזישע 302, ענגלישע 362, גריכישע, לאטיינישע און שפאנישע 93, ספרים אין 2 עקזעמפלארע 2400.

**מאראקא.** א מאראקאנישער שעריף (פאלקאווניק), וואס געהער צו די מורדים האט בעלאגערט די שטאדט סעבדו און האט פארלאנגט פון די דארטיגע יודען, זיי זאלען איהם צאהלען 12,000 פראנק. די יודען האבען איהם געוויזען א בריף פון דעם פרעטענדענטען, אז זיי זענען פריי פון אלע אבצאהלונגען, דער שעריף אבער האט מודיע געווען צו 4 פון די דארטיגע יודישע נכבדים, אז ווי לאנג זיי וועלען איהם נישט בעצאהלען די 12,000 פראנק בעטראכט ער זיי אלם געפאנגענע.

## דער סוף פון דובאסארער שרעק.

די צייטונג „בעסאראבעץ״, וואס איז געווען די ערשטע צו פארברייטען די ידיעה, אז דער דובאסארער מארד איז געטאן געווארען צוליב א רעליגיעזען צוועק, שרייבט אין איינעם פון די לעצטע נומערען אזוי:

„אין דעם לייט־ארטיקעל אין נומר 59 „בעסאראבעץ״, אין וועלכען מיר האבען געבראכט די ידיעה, אז מען האט ערמארדעט אין דובאסאר א יונגל ריבאלענקא, האבען מיר צוגעגעבען א בעמערקונג: „צווישען די איינוואהנער פון דובאסאר טראגט זיך ארום פארשידענע מיינונגען. די פאנטאזיע פון איינינע דערגרייכט דאס צו בעטראכטען פאר א רעליגיעזען מארד״.

לויט פינקטליכע ידיעות, וואס מיר האבען איצט צוזאמענגענומען ווייזט זיך אויס, אז אין דעם מארד איז דורכאויס נישטא אזעלכעס, וואס מען זאל קענען ארויסזעהען עפים וואס האט א שייכות צו א רעליגיעזען מארד.

דער „בעסאראבעץ״ וואס איז נישט קיין איבריגער אוהב ישראל, האט דאס, ווי מען פארשטעהט, נישט געטאן אלס בעל־תשובה...

---

# דער ענין דרייפוס.

אם 6 און 7 אפריל האט דער פראנצויזישער דעפוטירטער זשורע געהאלטען זיין רעדע אין פארלאמענט און האט דערוויזען די פאלשקייטען, וואס זענען געמאכט געווארען ביים צווייטען פארמשפט׳ען דרייפוסען אין רען. ווען דרייפוס וואלט בעפרייט גע־

---

מיין הייליגע נשמה! מיין שווארצאפעל פון׳ם אויג! מיין גאטהייט; איך בעט דיך זיי מיר מוחל מיינע לעצטע בריף! פארגעס, פארגעס, וואס איך האב דיר געשריבען! דו ביזט גערעכט, מיין טהייערע, דו ביזט גערעכט, איך טאר מיך נישט באקלאגען, איך טאר מיך נישט אנרופען מיט דעם נאמען „אומגליקליכער״! אומגליקליך איז דער, וואס האט קיין מאל נישט ליב געהאט, וואס איז קיין מאל ניט געווען געליבט!... איך זאג דיר נאך אמאל, אז פאר מיר איז גענוג דיינע בריף אליין, פאר מיר איז גענוג, איך זאל דערלעבען נאר איין קוק טהון אויף דיר — און שטארבען!... נאר ניין, איך האב זיך געגעבען דאס ווארט, איך זאל מעהר ניט רעדען פון׳ם טוידט! דו ווילסט וויסען יענעם גרויסען סוד? אוי, ניין, דו וועסט איהם ניט וויסען ביז עס וועט קומען די גליקליכע (אדער די אומגליקליכע) שעה פון אונזער זעהען זיך פאר דער חופה; דעמאלט וועסט דו געוואהרע ווערען פון אלסדינג... דערוויל זיי מיר געזונד, מיין טהייערע, מיין הייליגע, און שרייב מיר, שרייב מיר!

דיין אומגליקליכער גליקליכער, אדער דיין גליקליכער אומגליקליכער, וואס וואלט א פעלן געווען די צייט זאל זאל זיך ציהען און ציהען... אייביג און אייביג. . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

## דאס נײנטע קאפיטעל.

(דאס גרייטען זיך צו דער חתונה און מיינע נארישע חלומות.)

דער וואס איז אמאל אליין געווען פארליבט האט א דריטחלק פון דעם וואס איך, דער וועט פארשטעהן מיין הארץ בשעת ס׳איז געקומען די גליקליכע אדער די אומגליקליכע צייט פון אונזער גרייטען זיך צו דער חתונה; און דער וואס האט געלייענט מיט קאפ די פריהריגע קאפיטלעך, דער וועט פארשטעהן מיין הארץ בשעת מע האט אנגעמאסטען מיין תלמיד די חתונה־מלבושים, וואס מע האט איהם גענייט דריי וואכען כסדר. חבוט הקבר איז גאר ניט אקעגען מיינע שמערצען; דער גהינם — איז א גן עדן אקעגען מיין גרויסען־גרויסען ווייטאג.

איהר רעכענט מסתמא קנאה, שנאה? חלילה! איך האב געוואוסט גאנץ גוט, אז ליב האט מען ניט מיין תלמיד, נאר מיך, מיך, דעם אמת׳ן מחבר פון די בריף. איך האב געוואוסט גאנץ גוט, אז בשעת זעהען זיך וועל איך איהר בעדארפען נאר אנטפלעקען דעם סוד, יענעם הייליגען סוד, זאגען נאר איין ווארט, וועט זי מיך פארשטעהן — און עס וועט אלסדינג זיין רעכט. נאר ווי אזוי טהוט מען דאס אז? ווי אזוי מאכט מען, אז איך זאל קענען מיט איהר רעדען אונטער פיער אויגען חאטש עטליכע מינוט?

איך האב מיר געבראכען דערויף דעם קאפ, געבויעט זיבעצעה

ווארען אין רעו, וואלט מען געמוזט דעם גענעראל מערסיע און נאך אנדערע הויכע אפיציערען אנקלאגען פאר זייערע אינטריגועו און פארברעכען ביים ערשטען פראצעס, דעריבער האט דער גענעראל פארגעלייגט בסוד פאר די ריכטער א פאלשע שריפט פון קייזער ווילהעלם, כדי צו בעווייזען דרייפוס שולד. ווי דער גענעראל פעליע איז געוואהר געווארען פון די פאלשקייטען, האט ער דערלאנגט א בקשה, אז ער דאנקט. זיין שריפט, וואס מען וואלט דערפון אמבעסטען געקאנט בעווייזען די סקאנדאלען מיט די אינטריגועו, איז פארשוואונדען געווארען ביים מיניסטעריום. זשורע האט געפאדערט, מען זאל דעם פראצעס דרייפוס נאך אמאל פארנעמען, ווייל מען איז איצט געוואהר געווארען מעשים, וואס מען האט אין רען נאך נישט געוואוסט. דער קריגסמיניסטער אנדרע האט געזאגט, אז ער איז מסכים די זאך איבערצוגעבען א קאמיסיע פון ריכטער און ער וועט טראכטען, אז דער אמת זאל ארויסקומען. דער דעפוטירטער שאפיה האט אבער פארגעשלאגען, אז דער ענין דרייפוס זאל בלייבען א געריכט־זאך. דאס רוב פון פארלאמענט האט זיך געשטעלט אויף שאפיה׳ס זייט און זיין פארשלאג איז אנגענומען געווארען. די מיניסטער האבען זיך נאך דעם בעראטען און האבען געפונען, אז פון דעם בעשלוס פון פארלאמענט איז נישט משמע, אז מען זאל די זאך איבערגעבען א קאמיסיע פון ריכטער. דאס מיניסטעריום האט בעשלאסען, אז מען זאל זיך פארלאזען אויף דעם קריגסמיניסטער. היינט קאן מען נאך נישט וויסען, וואס אויס דער זאך וועט ווערען. טייל צייטונגען בעהויפטען, אז דער מיניסטער וועט מיזען האלטען ווארט און איבערגעבען די זאך א קאמיסיע, אנדערע זאגען אבער, אז א נייער פראצעס איז נאך דעם בעשלוס פונ׳ם פארלאמענט אוממעגליך. זשורע׳ס רעדע האט אבער יעדענפאלס געווירקט, אז יעדער איז שוין איבערצייגט פון דרייפוס אונשולד.

---

# יודישער דלות אין ווארשא.

דער הויפט מאטיוו, מיט וועלכען די אנטיסעמיטען פארענטפערען זייער שנאה צו די יודען איז דאס, אז די יודען זענען אונניצליך, זיי פארנעמען זיך ניט מיט קיין שום פראפעסיעס, וועלכע זענען ניצליך פאר דעם לאנד און די הויפט־קוועלען, פון וועלכע זיי ציהען זייער חיונה, איז נאר מסחר, „פראצענט״ און מעקלעריי. רעדט ווידער מיט א יודישען גוטען פריינד, פרעגט איהם די אורזאכע פון דעם יודישען דלות, וועט ער זיך אויך קלאגען פאר אייך, אז די יודען זענען נאך ניט צוגעגרייט צו די פאדערונגען פון נייעם לעבען, זיי באשעפטיגען זיך נאך אלץ מיט וויגטזאכען און דעריבער פארשפרייט זיך דאס ארימקייט צווישען זיי וואס אמאל שטארקער.

צום בעדויערען ווערד קיין שפעציעלע סטאטיסטיק איבער יודען און זייערע פראפעסיעס ניט געפיהרט, יעדערער, סיי א שונא, סיי א גוטער פריינד, זאגט ארויס זיין מיינונג גלאט אין דער וועלט אריין, אהן א ריכטיגען בעווייז, אהן ציפער אין די הענט.

אלס אויסנאהמע אין דעם געגענשטאנד קענען מיר רעכענען נאר די ווארשאווער יודישע געמיינדע. ווי עס איז בעוואוסט עקזעס־טירט ניט אין ווארשא קיין טאקסע אויף פלייש, די „הצטרכות העיר״ ווערען צונויפגענומען דורך א ראסקלאדקע, וואס דער ווארשאווער „דאזער״ מאכט. זעלבסטפערשטענדליך, אז עס מוז זיין א געוויסע ארדנונג, ווי אזוי און וויפיעל וועמען צו שטעלען, דער „דאזער״ מוז דעריבער פיהרען א בעזונדערע סטאטיסטיק פון אלע געשעפטען, פאבריקען, בעלי־מלאכות. מיט דעם מאטעריאל, וועלכען דער דאזער האט צונויפגענומען וועלען מיר בעקאנט מאכען די לעזער.

די צאהל פון די ווארשאווער יודישע בעלי־מלאכות שטעלט זיך פאר אין די דאזיגע ציפער:

---

טויזענט פלאנען, איינער ערגער פונ׳ם אנדערען, און זיבעציג טויזענט פאנטאזיעס, איינע נארישער פון דער אנדערער. איך בין זיך מודה ומתודה, אז עס זענען מיר געקראכען אין קאפ אזעלכע מאוסע מחשבות, וואס איך שעם זיך זיי איבערגעבען אויף פאפיר, חאטש ס׳איז שוין אוועק־געגאנגען פון דעמאלט אן א היבשע שטיק צייט. מיינט נישט חלילה, אז איך האב געוואלט אומברענגען מיין קאנקורענט, סמ׳ען דעם תלמיד מיינעם, לאז גאט אפהיטען אלע יודישע קינדער פון אזעלכע מאוס׳ע מחשבות! איך האב נאר געבעטען גאט, ער זאל אזוי עפים טהון א נס, אז מיין תלמיד זאל פון זיך אליין ווערען קראנק, זיך אוועקלייגען און אפטראגען זיך אויף יענער וועלט, אפרייניקען מיר דאס ארט...

איך בין זיך מודה ומתודה, אז איך האב געטראכט פון דעם טאג מיט נאכט, ארויסגעקוקט, אז מיין תלמיד זאל חאפען ערגיץ א פארקיהלונג, זיך דערשוויצען און חאפען א ווינטעל, אנהויבען הוסטען אדער ליגען אויף א היציג שלאפקייט, אדער אויסגליטשען זיך אויפ׳ן גלייכען וועג, זיך ברעכען האלז און אקען, אדער אומגערען חאפען פון עמיצען א שטיין אין קאפ אריין, אדער א משוגע׳נער הונט זאל איהם באפאלען און ער זאל אראפ פונ׳ם זינען, אדער א שטורמווינט זאל אויס־רייסען א בוים מיט׳ן ווארצעל און אומוואלגערען גלייך אויף איהם, אדער איין אנדער נס זאל געשעהן, אבי ער זאל מיר אפרייניגען דעם פלאץ.

און בשעת מעשה האט מי־ געקלעמט דאס הארץ, וועה גע־טהון אויף איהם, געבאך איין אומשולדיגער נפש, פאר וואס קומט איהם? פאר וואס זאל ער געהן אזוי יונג פון דער וועלט? און אין הארצען האב איך איהם שוין באוויינט, באמת באוויינט, אנגעשריבען אויף איהם א קלאג־בריף צו מיין געליבטער און צו מיין טהייערער, אויסגעלאזט מיט זעהר א טרויעריג ליעד, אינ׳ם ליעד באוויין איך און באקלאג גאנץ ערענסט מיין יונגען תלמיד, וואס איז אוועק געביך פאר דער צייט, די וועלט האב איך געגליכען צו א בית עולם און איהם צו א יונגען בוים. אויפ׳ן בוים

שטעהט און קלאגט, אוי וועה,
דער בית־עולם סאלאוויי.
און די שטערען ניסען טרערען...
וואס ווייטער שטעהט געדענק איך ניט.

און ווידער חלומ׳ט זיך מיר אין דער פאנטאזיע, אז ס׳איז שוין אוועקגעגאנגען א יאהר נאך זיין טויט, און מיר ביידע, איך און מיין געליבטע, זענען געקומען צו איהם אויף „קבר אבות״, אביסל זיך אויס־וויינען, איהם געבראכט א מתנה פרישע שמעקענדיגע בלומען מיט א ליעד, וואס לאזט זיך אויס אזוי.

אויף דיין קבר די בלומען זאלען בליהען,
אין גן־עדן דיין נשמה זאל רוהען!...

אז בלומען אויף א קבר זאלען בליהען — דאס איז עפים ניט אזוי

| | |
|---|---|
| שוסטער און קאמאשען-מאכער | 1563 |
| שניידער | 1372 |
| בעקער און קאנדיטער | 659 |
| סטאליארעס | 513 |
| בלעכער און קעסעל-מאכער | 451 |
| קצבים און ווורשט-(קעל-באסען) מאכער | 415 |
| איינבינדער | 381 |
| טאקארעס און שירעם-(פא-ראסאלען) מאכער | 309 |
| קירזשנערס | 304 |
| שמיקלער און העפטער | 294 |
| וועש-נייערס | 259 |
| רימארעס | 242 |
| פעלדשער און ראזירער | 222 |
| מאליארעס | 206 |
| האנדשוה און קראוואטען-מאכער | 194 |
| גאלדשמידען | 164 |

| | |
|---|---|
| סלועסארעס | 156 |
| מאדיסטען און קינסטליכע בלומען מאכער | 127 |
| גלעזער און שלייפער | 108 |
| זייגער-מאכערס | 184 |
| פארבער | 81 |
| גיעסער און בראנזאווניקעס | 80 |
| מעכאניקער, אפטיקער | 71 |
| פוטער קירזשנערעס | 69 |
| גארבער | 53 |
| שניצערס | 61 |
| זעצער | 56 |
| באנדארעס | 55 |
| טעסליארעס | 52 |
| וועבער און שטרומפף-מאכער | 49 |
| גראוויארען און ליטאגראפען | 45 |
| בענדער מאכער | 45 |
| מוליארעס | 41 |
| קאוואליעס | 29 |

די קליינע סטאטיסטיק, וועלכע מיר געבען דא, בעווייזט אונז פאלגענדע וויכטיגע זאכען: 1) ערשטענס צייגען מיר זיך איבער, אז די צאהל פון די יודישע בעלי מלאכות איז גאר ניט קליין, צוזאמען טראגט דאס אוים 9400 פאמיליעס, נאך דער לעצטער סטאטיסטיק זענען דא אין ווארשא יודישע איינוואהנער 212,893 און אויב מיר וועלען רעכענען אויף יעדער פאמיליע צו 5 פערזאן, טראגט דער רעכנונג אוים 42,500 פאמיליעס, פון דעם ארויסגערעכענען 9400 פאמיליעס, וועלכע באשעפטיגען זיך מיט מלאכות, טראגט אוים דער פראצענט פון די יודישע בעלי מלאכות 22%, וועלכער קאן יעדענפאל ניט גערעכענט ווערען פאר צו קליין. 2) די צווייטע וויכטיגע זאך וועלכע די סטאטיסטיק בעווייזט אונז איז דאס, אז יודען באשעפטיגען זיך צום ווייניגסטענס מיט אזעלכע מלאכות, וועלכע האבען א שייכות מיט מסחר, און די הויפט-זאכען מיט וועלכע זיי פארנעהמען זיך זענען ניט מעהר ווי איינפאכע מלאכות.

דער לעזער זאל דאס וויכטיגקייט פון דעם פאקט בעסער פארשטעהען, מיזען מיר איהם נאהענטער בעקאנט מאכען מיט דעם ווארשאווער מסחר און אינדוסטריע. ווארשא איז ניט קיין פאבריק-שטאדט מיט מאשינען און גרויסע קויטענס, וואו אלעס ווערד אויס-געארבייט דורך דער מאשין מיט רויך, די ווארשאווער אינדוסטריע איז מעהר "קוסטארנע" (האנט-ארבייט), די טויזענטער קאסטענס סחורות, וועלכע ווערען יעדען טאג טראנספארטירט אויף גאנץ רוסלאנד בעשטעהען צום גרעסטען טייל פון האנט-ארבייט, נאר צום בעדוירען צייגען מיר זיך איבער, אז יודישע הענט האבען אין דער דאזיגער ארבייט א גאנץ קליינעם חלק.

דאס הויפט עקספארט-ארטיקעל, וועלכעס ווארשא טראנספאר-טירט כמעט אין גאנץ רוסלאנד אויף מיליאנען רובל, איז דאס "שוה ארטיקעל" (שוך ווארג) ווארשעווער שוך איז אנגענומען אין יעדעם קליינעם שטעדטל, פארקעהרט שניידעריי און גרייטע מלבושים (טאנ-דעט) פארקויפט ווארשא אין דער פרעמד גאנץ וועניג און דעריבער דארף דאכט זיך שוסטערס זיין הונדערט מאהל מעהר ווי שניידער, נאר דאך בעווייזט אונז די סטאטיסטיק, אז שוסטערס זענען פארהאנען נאר 1563, דאס הייסט נאר מיט 191 מעהר ווי שניידער, און דאס ביסל שוסטערס מאכען אויך ניט קיין גליקען; פארקעהרט, אין דער צייט ווען פיעל קריסטליכע שוסטערס האבען זיך אויסגעארבייט פירמעס, זענען רייך געווארען, לעבען די יודישע שוסטער אין גרעסטע ארימ-קייט און נויט און מיזען ארבייטען איבער די כחות אום אויסצוארבייטען דאס שטיקל ברויט.

די אנדערע זאך, וועלכע פארנעמט דעם צווייטען פלאץ אין דעם ווארשעווער מסחר זענען די "מאדע-ארטיקלען". שטרוים און

מעגליך; נאר אז מיין תלמיד האט געבליהט, געבליהט ווי א רויז — דאס איז געווים, ער איז געווארען וואס א טאג געזונטער, דאס פנים לעבטיגער, דאס קלאר ווייסע לייב פארוואכסען מיט שמאלץ, און איז געווען צופרידען, פרייליך, לעבעדיג און גליקליך, גליקליך נישט פון ליבע, נאר פון דעם, וואס ער פאהרט אריבער אין א ניי ארט, אין א גרויסער שטאדט, צווישען נייע מענשען, און וועט נישט אנקוקען מעהר זיינע איינגענע, וואס האבען זיך איהם צוגעגעסען, געווען נמאס ווי דער טויט.

אזוי האט ער זיך מיר אליין מודה געווען ניט איין מאל, האטש אין די אויגען האט ער זיי נאכגעגעבען, אז ער וועט שטארק-שטארק בענקען נאך זיי, אז ער ווייסט גאר ניט ווי אזוי ער וועט דאס גאר איבערטראגען אפילו.

— אבער נאך מיר וועסט דו בענקען? — האב איך א פרעג גע-טהון מיין תלמיד.

— געווים! געווים! — האט ער מיר געענטפערט און האט מיך ארומ-גענומען גאר פריינדליך — דיך וועל איך נעמען מיט זיך! מיר וועלען דארטען לעבען א גוטען טאג, מיר וועלען שפיעלען אין דאמקעס, געהן טראטער, איך וועל דיך ניט אפלאזען פון זיך קיין מאל, קיין מאל ניט!

איך האב געוואוסט, אז ס'איז א גרויסער ליגען.

געבארען, אויפגעוואכסען און אויפגעצויגען געווארען אויף שוא ושקר האט ער דא אויך געזאגט א ליגען.

---

## דאס צעהנטע קאפיטעל.

(ברוך הבא—געסט!)

איך וועל קיין מאל ניט פארגעסען דאס אויפנעמען מיט'ן כבוד וואס מע האט אונז אפגעגעבען, אז מיר זענען געקומען אויף דער חתונה. קודם כל האט מען אונז ארויסגעשיקט א גרויסארטיגע קארעטע צום וואגזאל און מע האט אונז פארפיהרט אין זעהר א שענער שטוב, אפ-געגעבען איטליכען באזונדער איין אנדער חדר און מכבד געווען מיט דער גומער קאווע מיט פוטערגעבעקס, און נאכדעם מיט'ן שענעם אנ-בייסען, פרישע פייןקוכענס מיט געבראטענע קאטשקעס, און מענשען, מענשען ווי מיסט זענען געקומען אונז מקבל פנים זיין, אפגעבען שלום, אלע מאל נייע פארשוינען.

ביי מיר האבען די אלע מענשען אויסגעזעהען ווי מערעזקעס, געשעמערירט אין די אויגען, געזשומעט ווי די פליגען. איך בין געווען פארנומען מיט מיינע איינענע מחשבות, מיט מיינע זעהר ניט פרייליכע געדאנקען: "ווי אזוי מאכט מען דאס, איך זאל זיך קאנען מיט איהר זעהען?" מי יודע צי עס וועט מיר געראטען? און וואס וועט זיין אז זי וועט געוואהרע ווערען פונ'ם הייליגען סוד? און טאמער חלילה וחס, איך האב גאר מורא זאגען וואס...? א שרעק! א שרעק!...

אין קעשעני איז ביי מיר געווען נאך פון דערהיים ארויספאהרענדיג צוגענרייט... שרעקט זיך נישט, ניט קיין פיסטאליעט חלילה, נאר א בריף

פאנטאזיע-פערדערן, קינסטליכע בלומען, פאסאנען צו דאמען-היט און פארשידענע בענדער, דאס זענען אלץ א זעלכע ארטיקלען, וועלכע ווערען כמעט אין גאנץ רוסלאנד, אויסער וואַרשא, ניט פאבריצירט. דער אומזאץ פון די אויסגעארבעטע סחורות איז זעהר גרויס. קיין מאשינען ארבייטען דאס אויך ניט, יעדעס בלעטעלע פון דער קינסטליכער בלום מוז ווערען אויסגעשניטען, געפארבט, געפרעסט און געקארבט מיט די בלויסע הענט, יעדעס ברעקעלע פון דער פאנטאזי-פעדער אדער שטרויס-פעדער מוז דורכגעהן דורך א האנט. פון די ארטיקלען ווערען געשפייזט פיעל טויזענטער פאמיליעס, נאר דאך געפינען מיר אין דער סטאטיסטיק, אז יודען נעמען אין דעם נאר א קליינעם טייל, ניט מעהר ווי 127 פאמיליעס, און דאס רעשט זענען אלץ אנדערע.

געהן איבערערבענען אלע פראפעסיעס, וועלכע זענען געבונדען מיט מסחר און מיט וועלכע יודען בעשעפטיגען זיך ווייניגער ווי קריסטען, וועט פארנעמען צו פיעל צייט, איך מוז דאדורך באגניגען זיך נאר מיט איינינע.

נאר זענען דען די יודען אזוי לייכטזיניג? פארשטעהען זיי דען אליין ניט, וואס פאר זיי איז בעסער און מיט וואס זיי דארפען זיך פארנעמען? ניין! געוויס ניט! די אורזאכע דארף מען זוכען נאר אין די בעזונדערע בעדינגונגען פון דעם וואַרשאווער מארק.

וואַרשא איז ניט קיין ארט ווי מען קאן די סחורות פארקויפען דאס גאנצע יאהר, דער בעל-מלאכה מוז ווארטען אויף דעם סעזאן, וועלכער איז נאר 2 מאל אין יאהר, און ביי בעלי-מלאכות, וועלכע זיי ארבייטען זומער-אדער ווינטער-סחורה, נאר איין מאל אין יאהר. געלד אויף אויסלאג, ער זאל קענען דאס גאנצע יאהר ארבייטען און אנגרייטען סחורה פאר דעם סעזאן, האט דער בעל-מלאכה ניט, ער מוז דאדורך אנקומען צום גרויסען סוחר, צום הורטאווניק, וועלכער ווערד אזוי ארום דער פארמיטלער צווישען דעם בעל-מלאכה און קונה, און דאס דריקט שרעקליך דעם ארימען בעל-מלאכה, ער מוז זיך באגניגען מיט גראשענס, וועהרענד דער הורטאווניק פארדיענט אן איהם צעהנדליגער רובלס און זעלבסט פארשטענדליך, אז ביי א זעלכע בעדינגונגען קאן ער זיך שוין פריי ניט ענטוויקלען.

די איינציגע מיטעל צו פארבעסערען די לאגע פון די יודישע בעלי-מלאכות איז נאר [1]), יעדער בעל-מלאכה זאל קריגען געבארגט אויף קליינע צינזען געלד, אויף צו האבען דאס מעגליכקייט ארבייטען ניט סעזאן און [2]), יודישע בעלי-מלאכות פון פארשידענע פאכען דארפען זיך צענויפנעמען, זעהען אויסמיידען די אפיעקע פון די הורטאווניקעס, אליין אריינגעהן אין פארבינדונג מיט די קויפלייטע און געברויכער, דאן איז צו האפען אז די לאגע פון די יודישע בעלי-מלאכות וועט ווערען מיט דער צייט פיעל בעסער און דער דלות קלענער.

שר״ב.

---

# צווישען אונ׳ז גערעדט.

צווישען אונז איז ניט פרייהליך... און איך בין פון דעם אלעמען שטארק ניט צופרידען. איך בין ניט צופרידען וואס ד״ר הערצל, אלס הויפט-פיהרער פון די ציוניסטען, אלס שאפער פון די ציוניסטישע קאנגרעסען, אלס בערימהטער פאלקס-רעדנער, שרייבט ראמאנען. איך בין זעהר ניט צופרידען, וואס אזא ערענסטער דענקער ווי אחד העם שרייבט בייסענדע קריטיקעס אויף א פאנטאסטישען ראמאן און וויל דערוויזען מיט אותות ומופתים, אז הערצלס פאנטאסטישער ראמאן איז א פאנטאסטישער ראמאן...

נאר נאך מעהר בין איך ניט צופרידען, נאך מעהר פארדריסט מיך, וואס מאקס נארדאו, דער נארדאו, וואס אויף אלע ציוניסטישע קאנגרעסען פלעגט ער ווי א נביא מיט זיינע בעריהמטע רעדעס וועגען דער יודישער לאגע אין דער גאנצער וועלט מאכען ציטערן אלע יודישע הערצער, אט דער דאזיגער נארדאו ענטפערט אין דער „וועלט״ אחד העמ׳ן אויף זיין קריטיק איבער הערצלס ראמאן, נאר ניט ווי א נביא, כלל ניט ווי א געלעהרטער, נאר גלאט אזוי בייז געזודעלט, ער רופט

צו „איהר״, א בריף אויף דריי בויגען פאפיר באשריבען, מיין ראמאן ווי אזוי ער האט זיך אנגעהויבען און מיין גאנצע ביאגראפיע אין קורצען. נאר ווי אזוי ניט מען איהר איבער דעם בריף? דורך וועמען? און ווען וועט זי צייט האבען איהם איבערלייענען?

און די מחותנים מיט די מחותנת׳טעס פון כלה׳ס צד לויפען ארום הין און צוריק ווי די פארסמ׳טע מייז, טרייבען די סארווערס זיי זאלען זיך גרייטען צו דער חופה-וועטשערע, און טרייבען די שמשים, זיי זאלען ברענגען די כלי-זמר מיט׳ן רב. מע זאל שטעלען די חופה וואס פריהער, ווארום חתן-כלה פאסטען.

אז דער חתן האט ניט געפאסט בין איך איין עדות; ער האט ביי מיר אין חדר זעהר פיין איבערגעביסען מיט א האלבער קאטשקע, און געזאגט האט ער, אז ער פאסט. ברי׳ה׳ש אנגעצויגען אויף זיך א פנים פון א חתן וואס פאסט און וואס דער קאפ איז איהם פארטיפט אין זעהר ערענסטע מחשבות.

געבאהרען, אויפגעוואכסען און אויפגעצויגען געווארען אויף שוא ושקר, האט ער דעם טאג פון דער חופה אויך געזאגט א ליגען.

און דערווייל זענען אנגעקומען די כלי-זמר און מע האט זיך אנגעהויבען גרייטען צום באדעקענס, ס׳איז געווארען נאך א גרעסערער טומעל ווי פריהער, אלע האבען גערעדט, אלע האבען זיך געחאפט, אלע האבען זיך געמאכט גלייך ווי מע טהוט עפיס,—ניכער, ניכער! לאז מען געהן! קומט—קומט!

און מע האט אונז גענומען, וועער ווייס איך ניט; און מע האט אונז געפיהרט אונטער די הענט, וואוהין ווייס איך ניט, און מע האט צו אונז עפיס גערעדט, עפיס געזאגט, וואס ווייס איך ניט, מיר האט זיך געדרעהט דער קאפ, געשעמערירט אין די אויגען, געזשומעט אין די אויהרען און דאס הארץ, דאס הארץ טיק-טאק! טיק-טאק!

די כלי-זמר האבען געשפיעלט. עס האט געוויינט א פידעל, עס האט געטערלייקעט א טראמייט, עס האט געפייפט א פלייט, עס האט געבאראבאנעט די קעסעלפויק באם-באם-באם! און דאס הארץ, דאס הארץ טיק-טאק! טיק-טאק...

---

## דאס לעצטע קאפיטעל.

(דער „עפּילאג״ פונ׳ם ראמאן.)

צווישען אלע פארשוינען, וואס האבען זיך ארומגעדרעהט און געשמערירט פאר מיינע אויגען, האב איך באמערקט איינעם, וואס האט זיך ארומגעדרעהט גלייך מיט מיר ווי א ווילד פרעמדער. דאס איז געווען א יונגערמאן מיט ברילען און מיט לאנגע האר, וואס האט געהאט אויף זיך נאר איין ארבייט; זיין ארבייט איז געווען אויף אלסדינג קוקען און אלסדינג זעהען, און ווי עס האט אויסגעוויזען האט ער די ארבייט געטהון גאנץ געשמאק; ער האט געהאלטען אין איין קוקען.

אז זיינע ברילען האבען זיך אפגעשטעלט אויף מיר, האט זיך

אן אחד העמ׳ן מיט אזוינע ווערטער ווי פארשטאפטער קאפ, א מענש וואס פלאפעקט און ווייסט ניט וואס ער רעד א. ד. ג.

מיט אזא לשון ענטפערען איינעם פון די בעליבטע שריפטשטעלער צווישען די רוסישע יודען קאן נאר א „דייטש", וואס האלט נאך עד היום די רוסישע יודען מיט זייערע שרייבער פאר „בערען" פאר ווילדע מענשען.

און דעריבער איז גאנץ נאטירליך, וואס נארדאוס זידלעריי האט האט ביי א סך ארויסגערופען פראטעסטען.

פון דעסטוועגען פרייט מיך ניט אט אפילו די דאזיגע פראטעסטען.

פון פארשידענע שטעדט און שטעדטלעך אין רוסלאנד בעקומט אונזער רעדאקציע (געווים אויך אנדערע יודישע רעדאקציעס) „פראטעסטען", אז דארט און דארט האבען זיך צוזאמענגעקלויבען עטליכע יונגע לייט. זיי האבען זיך צונויפגעלעגט אויף א טעלעגראמע און מען האט טעלעגראפירט נארדאוען „א פראטעסט" און פון א טייל ערטער קומט אן בריף, אז זיי זענען שטארקע פאליטישע ציוניסטען און פראטעסטירען געגען אחד העמ׳ס קריטיק אויף הערצלס ראמאן „אלט נײַ לאנד" און פארשטעהט זיך, אז אלע בעטען, מען זאל זייערע „פראטעסטען" דרוקען.

איך בין פון די ביידערליי פראטעסטען ניט צופרידען, ווייל איך האב ניט ליב קיין חסידיש און נאך מעהר האב איך ניט ליב קיין „גוט יודישקייט".

דאס גוט יודישקייט האט אונז הונדערטער יאהרען לאנג געהאלטען ווי מיט צוואנגען און פיעל, פיעל קאסט אונז ביז מיר האבען זיך אין די לעצטע 50 — 60 יאהר אויף א סך בעפרייט פון דעם גוט יודישקייט און איצטער שמעקען אויך די דאזיגע פראטעסטען מיט גוט יודישקייט.

איינינע יודישע ליטעראטען און געלעהרטע האבען פראטעסטירט, בין איך אייך דאס מוחל, אבער צו וואס דארף מען נאך אין אלע יודישע שטעדטלעך אין רוסלאנד פראטעסטירען? דאס איז גאר נאכגעמאכט, נאכגעקרימט זיך — חסידיש מיט גוט יודישקייט.

אחד העם וועט ניט קלענער ווערען פון נארדאוס זידלערײַ און ניט גרעסער ווערען פון די פראטעסטען, דערצו איז אחד העם צו פיעל בעליבט ביי אונז.

און איך קעהר זיך אום צום אנהויב, אז צווישען אונז איז ניט פרייהליך... איך בין ניט צופרידען וואס ד״ר הערצל שרייבט ראמאנען און וואס אחד העם שרייבט קריטיק אויף ראמאנען...

און נאך מעהר איז ניט דא פון וואס צופרידען צו זיין וואס דאס אלעס קומט פאר א פאר חדשים פאר דעם זעכסטען ציוניסטישען קאנגרעס אין באזעל...

ניט ווילענדיג דערמאנט זיך איצטער דאס טרויעריגע לידעל:

„ס׳וואלקענט זיך, ס׳איז פינסטער,
עפּיס וועט זיין, עפּיס וועט זיין"...

ם. חיות.

---

# דער ענין פון ספרים ביים פראסטען עולם.

פון מ. י. בערדיטשעווסקי.

I.

שמר׳ס משפט. — איהר מיינט אוודאי, אז א יוד טייטשט זיך ניט אוים דעם ענין פון ליטעראטור און ספרים וכל מאמינים שהוא אויף זיין לשון? וואס איז שייך? ס׳איז דא ספרים, חבורים און גלאט אזוי מעשה־ביכלעך. ספרים, טאקי די הייליגע ספרים זענען גאלע רוח־הקדש און זענען א שטיק פון דער תורה, איטליכער ספר לויט זיין דרך... ביכלעך אבער ווערען בסך־הכל אויסגעטראכט, נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. טאמער מיינט איהר חאטש אביסל יראת־שמים? גאר ניט, יודען מאכען זיך נאריש און דערצעהלען זיך מיר אויסגעוויזען, אז ער זעהט מיך דורך און דורך, אז ער זעהט מיין הארץ, אז ער זעהט מיין סוד, מיין הייליגען–הייליגען סוד, און איך האב אראפגעלאזט די אויגען, איך האב אבער דערפיהלט אויף זיך די ברילען, איך האב געפיהלט, אז ער הערט נישט אויף אויף מיר צו קוקען, און איך האב ניט ווילענדיג אויפגעהויבען די אויגען און האב זיך ווידער באגעגענט מיט זיינע ברילען, וואס האבען געקוקט מיר איננווייניג אין הארצען אריין און געצווינגען מיך צו זיך ווי א מאגנעט.

איך ווייס ניט, ווי אזוי דאס איז געווארען, נאר איך און דער יונגערמאן מיט די ברילען זענען געשטאנען נאהינט איינס נעבען דאס אנדערע און האבען גערעדט, געוויינליך פון דער חתונה, פונ׳ם בארעקענס און פון חתן־כלה.

דעם חתן האבען ביידע מחותנים צוגעפיהרט אונטער די הענט צו דער כלה, און די כלה איז געזעסען אין מיט׳ן שטוב אויף א בענקעל מיט צעלאזטע האר, דאס פנים פארשטעלט מיט ביידע הענט, אפנים זי האט געוויינט. די כלי־זמר האבען געשפּיעלט. עס האט געוויינט א פידעל, עס האט געטערעליקעט א טראמייט, עס האט געפייפט א פלייט, עס האט געברומט א באס, עס האט געבאראבאנעט די קעסעל־פויק באם–באם–באם! און דאס הארץ, דאס הארץ, טיק–טאק! טיק–טאק! אט אט — האב איך מיר געטראכט — אט אט נאך א מינוט, נאך א מינוט און אלעס איז פארפאלען!..."

— א טעלעצע! — רופט זיך אן צו מיר פלוצים דער יונגערמאן מיט די ברילען גלייך אין אויהער אריין.

— וואו איז א טעלעצע? — פרעג איך איהם און קוק זיך ארום אויף אלע זייטען.

— אט זיצט זי דאך — מאכט ער צו מיר און באווייזט מיר מיט די ברילען אויף דער כלה.

ער האט דערזעהען נאך מיין פנים, אז איך בין שטארק פארחדוש׳ט, מאכט ער צו מיר שטילערהייד אויפ׳ן אויהער.

— א קאלב, א בהמה, א נלאטע, א כשר׳ה בהמה! קיין צלם פאר קיין אלף און א מרשעת דערצו! און נעמט אזא פיינעם חתן! איהר זענט דאכט זיך זיין לעהרער?

איך ווייס ניט, צי ער האט מיך אוועקגערופען, צי איך האב איהם אוועקגערופען, צי מיר האבען זיך ביידע אוועקגערופען אויף א זייט, נאר אין צוויי מינוט ארום זענען מיר געזעסען איינס אקעגען דאס אנדערע ווי אלטע בעקאנטע, און דער יונגערמאן מיט די ברילען–ער איז געוועזען דער כלה׳ס א לעהרער–האט מיר איבערגעגעבען אויף איהר אזעלכע זאכען, וואס עס וואלט געוועזען גלייכער און געזונטער פאר מיר, איך זאל דאס בעסער ניט וויסען...

— סטייטש, און איהרע בריף? — האב איך אויסגעשריגען–אום נאטעם ווילען איהרע בריף?!

באָבע־מעשיות. אי צו וואס טויג דאס? זענט איהר קראַנק אייך צו נעמען צו לייטישערע זאַכען, צו תכליתים? אז גיה, רעד מיט די ראזינע לייט. בלומפּרשט דייטשען, מ'שטייגט געזאַגט, בלומפּרשט יודען, עך, א כּטעות, א דרייער איז ניט דא ביי דער נשמה, נאר מען רויכערט דעם גוטען ציגאר און מען איז אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האניג, מען ניט אורקען, דאס געהערט צו דעם. דערווייל שרייבט מען אויף הפקר. קאַנטשעט מען א זאך, גיט מען איהר א נאָמען. ווי הייסט אזוינס: דער טרעפּניאק, אדער א פּאטש פון זיין ליבען נאָמען, ציבעלע שריבעלע אדער גאר פּיפּערנאטער. האט איהר אזוינס געהערט? דאכט זיך מענשען מיט שכל, ענפערען תמיד צו דער זאך און דווקא מיט הבנה, וואָרום וועלט־זאַכען קענען זיי גוט; נאר האב זיי דער גוטער יאהר! עפּיס איין איינשפּארעניש, זיי מיזען אלץ שרייבען... מילא אין די צייטונגען נייעס, דאס פאַרשטעהען מיר, דאס איז דאך דא אפילו ביים קיסר און די שרי מלוכה; אבער ביכלעך, נייבערשע זאכען, אביסל אויף כטעות'ן, אביסל אויף דער אמת'ן, א כלל מען פּלוידערט אויף וואס די וועלט שטעהט. אז איהר וועט אזוינס איבערלייענען און דערגעהן איין עק, צאהלען מיר מי יודע וויפיעל קנס.

דא ווערד למשל דערצעהלט פון א גרעפין, א יודיש ווייבל פּאסט זיי ניט; דאס זעגען מיר אבער ניט אויסען. וואס זשע טוט די גרעפין? זי פאַרליבט זיך אין א ליובאווניק, ליב, שמיב. א פגירה אין איהרע ביינער, דערוואַרג דיך מיט איהם אינאיינעם. גיין, הערט א מעשה, דא קומט שוין א צווייטער ליובאווניק צו פאהרען, איינער איז איהר קאַרג, איהר פאַרשטעהט דעם ענין? מען הייבט זיך אן ארומצושלאגען, א דינסט גיט איבער א בריף, די פּריצה איז אויסער זיך, א לויפעניש, א חאפּעניש. דער פאטער איהרער איז אפילו א גרויסער שר, אבער א משוגע'נער, הינקען הינקט ער אויף א פוס און שפּילט כסדר אין קארטען. שפּילט! מיר זאלען עס אלע אינאיינעם פאַרמאָגען, וואס ער פאַרשפּילט אין איין נאכט. וואס זשע טוט איין ליובאווניק, ער נארט זיך אין איהם אריין, וואס זשע טוט דער אנדערער ליובאווניק, ער גנב'עט ארויס די בת־יחידה (איהר פאַרשטעהט? ביי זיי איז אויך פאַראַן בת־יחידות) ביי דער נאכט און אנטלויפט מיט איהר, עפּיס קיין מאדריד, א משונה'דיגער מקום. די מענשען זענען דארט אלע רויט און געהען אנגעטאן אין סאמעט און אין גאלד. אז מע פאהרט אריין אין שטאדט מוז מען פאהרען איבער א וואסער, און א שלאנג ליגט דארט, וואס מען מוז איהר געבען אלע יאהר א מענשען אויפצועסען. דא שטעלט זיך ארויס, אז דער ליובאווניק איז גאר א נקבה, איהר פאַרשטעהט דעם ענין? די גרעפין ווערד איינגעשפּארט אין א חדר און מען טוט איהר אויס די טייערע קליידער. זי בעקומט נאר וואסער און ברויט און מוז שלאפען אויף שטרוי, א קשיא אויף גזלנים? זיי ווילען זי'א פנים הרג'ענען. דערווייל ווערד דער אנדערער ליובאווניק געוואהר, קומט צופליהען, פאַרשטעלט זיך אין א פערד און גנב'עט זי ארויס. אויפ'ן וועג פאלען זיי ביידע אריין אין א קרעניצע... איך זאג אייך, דער קאפּ ווערד שיער משוגע זיך אנצוגעדענקען אלע די פוסטע זאכען און פאַרדרעהענישען. איך וואלט גענומען אזאלכען יונג, וואס שרייבט אזוינס און וואלט איהם געזאגט: שעמסט דו דיך ניט דיך אבצוגעבען מיט אזוינע נארישקייטען, וואס פּאסען גאר ניט פאר א דערוואַכסענעם מענשען. איך פרעג זיך אליין, וואס גערט דיך אן יענע גרעפין, צי דער שר אדער דער קניאז? אז איהר האט שוין יא מוח, טראכט עפּיס גוטס אויס, שרייבט א בריפשטעלער צי א ספר־גורלות אדער טאקי א פורים־שפּיל. זעהט איהר א הלצה'לע, דארויף זענען מיר א בעלן, א רעטעניש קענט איהר אויך אויפשרייבען, צי איין אנדערע זאך, אבער ס'זאל האבען א פנים, און זאל שמועסען פון יודען. ס'קאן אויך זיין אביסל לשון־קודש, אויף טייטש איז א ודאי גוט, אבער דער ענין מוז זיין איין ענין, ניט גלאט קעלבל אדער מעשה דייטש. מיר יודען האבען פיינט הולטייסקע זאכען, איהר פאַרשטעהט, רבי מחבר, צי ניין? האב אייך א שווארץ יאהר! שכל האט איהר א״נ זענט א מושלם אויף דער פען, אבער ווי אהין פאַרפיהרט זי

דערהערט די ראזינע ווערטער האט דער יונגערמאן מיט די ברילען זיך נעחאפּט פאר'ן הארצען און האט אנגעהויבען צו לאכען און צו קאטשען זיך פאר געלעכטער.

— איהרע בריף? חא—חא—חא! איהרע בריף. אוי, איך וועל דאס ניט אויסהאלטען! איהרע בריף!

— וועמענס דען בריף זענען דאס?

— איהרע חא—חא—חא—איהרע בריף? מיינע חא—חא—חא—מיינע בריף! מיינע! מיינע!! מיינע!!!

איך האב געמיינט אז דער יונגערמאן איז נאר אראפּ פונ'ם זינען, און ער וועט באלד דעם שלאג באקומען, ער האט מיך געחאפּט פאר ביידע הענט, מיך גענומען דרעהען זיך איבערן שטוב, מיך געשאקעלט אין די פּלייצעס און ניט אויפגעהערט צו לאכען:

— איהרע חא—חא—חא איהרע בריף!??........

עס האט זיך אייך ווען געחלום'ט א זיסער חלום? א פּאלאץ א שענער, גוטע מאכלים, די בעסטע ווייַנען, פרישע פּרות, נאר וואס פונ'ם בוים, א ריח פון בשמים, א גן־עדן... און איינע, עפּיס א „זי״, אינ'ם געשטאלט פון א פּרינצעסין מיט גילדענע באזילבערטע האר... און איהר שוועבט, ניט איהר געהט, און איהר פליהט־פליהט אלץ העכער־העכער, גלייך אין הימעל אריין... פּלוצים הערט איהר א פייפען, וואס געהט פון א וואלד ארויס פיי־יו־יט! און א פּאטש פון פליגלען און א משונה מאָרנע געלעכטער „חא־חא״, וואס צעטראגט זיך איבערן גאנצען וואלד און לאזט זיך אויס מיט א לאנגען לאנגען געניץ אאאאי!!! פאר אייערע אויגען איז א טיפער־טיפער אבגרונד, אט אט פאלט איהר אראפּ—איהר טהוט א ציטער און חאפּט זיך אויף מיט א קאפּוועהטיג און קאנט לאנג נישט קומען צו זיך...

דעם ראזינען זיסען חלום האב איך איבערגעלעבט אין דער מינוט וואס דער יונגערמאן מיט די ברילען איז געשטאנען איבער מיר און האט ניט אויפגעהערט צו לאכען פון מיינע בריף און אויסרעכענען די מעלות פון מיין געליבטע... ער האט געלאכט און מיר האט זיך געטריפט בלוט, א טראפּען נאך א טראפּען, און געפאלען אויף מיין פאַרוואונדעט הארץ, אויף מיין פאַרסמ'טע נשמה.

און דארט אין זאל האבען געשפּיעלט די כלי־זמר. די פידעל האט געוויינט! דער טרומייט האט געטערליקעט, די פלייט האט געפייפט, דער באס האט געברומט; דער קעסעלפויק האט געבאראבאנעט באם! באם! באם! און דאס הארץ, דאס הארץ איז מיר געווען פוסט און ליידיג, אויף דער נשמה וויסט און פינסטער, חושך, חושך אין אלע ווינקעלעך.

ענדע.



אייך? איך וויל אייך זאגען, איהר טוינט אלץ אויף כפרות, פון אייך וועט מעהר קיין לייט ניט זיין.

אז א יוד קויפט א ביכל פון די דאזיגע לייט, צי ער נעמט עס אויף פריקאט, כדי דאס איבערצוליייענען שבת נאכמיטאג, איז ער ניט ווערט אז די ערד טראגט איהם, חאטש זאל עס זיין פון דרייפוסי׳ן, צי ווי אמאל פונ׳ם גור אריה...

II.

פאליטישע עקאנאמיע הינטערגן אויבען. — אין די נייע... א דא ניט לאנג האב איך עפיס בעקומען א ספר׳ל, וואס שמועסט פון עקאנאמיע, סטאטיסק, שמועסטיק. נעה וויים, וואס מע מיינט דאס? מילא אז יודען איז שלעכט, דאס פארשטעהען מיר, אבער צו וואס בעדארף ער מיר צו באווייזען, אז איך בין א קבצן, דערפאר ווייל איך בין א קבצן. איהר פארשטעהט א שכל? דא זאגט ער זענען דא גוים זיבעציג פראצענט און יידען זענען פאראן נאר דרייסיג, דארט זענען יודען פערציג און גוים זעכציג. ראשית, פון וואנען ווייסט ער דאס, און שנית, צו וואס טויג מיר דאס צו וויסען? טשעפע זיך אב פון מיר מיט דיינע פראצענטען, רעכענען איז נאר גוט געלד אין קעשענע. צי מזומנ׳ע חובות, אלעס אנדערע איז מעשה שרייבער... איך האב א יונגל פון זעכצעהן יאהר, קאן ער א גאנצע בויגען מיט ציפערען בארעכענען וויפיעל איז דאס אין איינעם. א׳ ער וועט דערלעבען צו פארדיענען דאס ערשטע קערבל, וועט ער אליין זעהען, ווי אזוי דאס איז נאך ניט דער ענין. מילא א יונגל היינטיגע יאהרען מוז דאך זיין א שטיקל קענער; אבער דער כלל, נעמען דעם כלל יודען און אקוראט בארעכענען, וויפיעל קבצנים ס׳איז פארהאן, וויפיעל ס׳איז דא אין א שטאדט שניידער און שוסטער און אנדערע בעלי-מלאכות, א דאס וועט מען צונויפנעמען אינאיינעם און מע וועט דאס איבעררעכענען און אוועקשיקען קיין פעטערסבורג, צי קיין בוידעם. מיך וויל מען אפנארען. איך זאג אייך, אז איהר וועט דערויף ווארטען ווי אויף עפיס רעכטס, וועלען אייך די אויגען ארויסקריכען. זעהט איהר די ציונים, פארשטעה איך, אז מען וויל ארויסנעמען די יודען אהין, פאר וואס ניט? אי דער טערק, ראשית קומט ער ארויס פון ישמעאל׳ן און איז מיט אונז שני בשני, שנית וויל ער מאכען כלומפערשט א בייז פנים, קומט רויטשילד, צי מאנטיפיארע און שטופט איהם אריין א שענע פאר קארבען אין דער יד אריין. — אבער צו וואס טויג דאס חקר׳ענען? פון וואנען איז געדרונגען, אז מיר האבען ניט פון וואנען צו לעבען? וואס ס׳האט זיך מיר געחלומ׳ט היינט און געכטען און אייערנעכטען, זאל זיך צו זיין קאפ אויסלאזען. איהר האט געהערט א מעשה? פון וואנען איז נעדרונגען? נעה און זעה נאך אין דער מילטער, אין דער קאמער, צי גלאט אזוי גיב א קוק אין קעשענע... ביזט דו אויף דער אמת׳ן איין אוהב-ישראל און עס ארט דיך, אז ס׳איז אונז שלעכט, קום אראפ און זיי מנדב... זעהט איהר מילא א ספר שרייבען, צי א פירוש אויף דער תורה, דאס האט א שיכות, אבער שרייבען גלאט אזוי אין טאג אריין און יענעם דולען א קאפ אומזוסט. עפיס פון געשיכטע אין אמאליגע יאהרען רעדט ער אויך, דאס איז שוין גאר ניט משיג צו זיין... צו וואס גערט מיך אן אז מיין עלטער-זיידע האט געהאט פרנסה בשפע, אז איך אליין האב גאר ניט, צי מיינע אבות אבותינו האבען געוואהנט אין יענע מקומות, אז מיר וואהנען דא אין די מקומות. א כלל אהין אהער, עפיס א מיש-מאש פון קלערעכצען אין א מעשה אהן א סוף. חאטש וואלט געווען א פסוק, צי גלאט אזוי דער מדרש שרייבט, דער רבנו בחיי שרייבט, וואס די זענען שוין גאר אויסגעשטארבען.

* * *

וואס מאכט מיך דער ווינד אזוי טרויריג?
וואס רייסט ער מיין ברוסט מיט געוואלט?
וואס רופט ער ארויס אין מיין זינען
איהר בלייבע און קראנקע געשטאלט?

ער בלאזט פון דעם אלטען בית עולם,
ער קומט פון די קברים אצינד,
ער וועקט און ריהרט אויף אין מיין הארצען
איין אלטע געפעהרליכע וואונד.

ער שושקעט א סוד מיר אין אויער,
ער זינגט מיר איראניש א שיר:
דו האסט איהר פערשפראכען צו קומען —
זי ווארט דארט אין קבר אויף דיר.

נויארק — יוסף יפה

## די באבע

(א בילד).

קיינעם וואלט איך ניט געוואונשען זעהען איין איינעגע באבע אין אזא לאגע...

א הויפען ביינער, א לעבעדיגער מת איז זי געווען, און וועלכען דער מלאך-המות האט זיך פון איילעניש ווי פארגעסען און האט איהר אויף דער וועלט איבערגעלאזען.

זי איז געשטאנען אנגעשפארט. און א קליינעם יונגעלע פון א יאהר אכט, געשטאנען ניט ריהרענדיג זיך, נאר נישט זעהענדיג און זעהר שוואך הערענדיג. איין אויג איז ביי איהר אין גאנצען פארקלעבט, און דאס צווייטע איז אפילו אפען געווען, אבער האט אויך גאר נישט געזעהען.

און געשטאנען איז זי אין א סעדעל, אויפ׳ן ווינקעל פון צוויי קאכעדיגע גאסען,

די געצעהלטע ביימער פון סעדעל האבען שוין לאנג אראפגעטרייסעלט פון זיך די ווינטער-מאסקע און האבען מיט אומגעדולד ערווארט די מינוט, ווען זיי וועלען זיך אנהויבען פון איין אנדער לאזען.

און עס האט זיך טאקי געדאכט, אז אט אט וועלען די ביימער לעבעדיג, אט אט זינגען זיך די פייגעלעך פון איין אנדער אויפ׳ן קול — אויף אזוי פיעל איז די לופט געווען אנגעטרונקען מיט א מילדע ווארימקייט, איינגעשיכור׳ט פון א לעבענס-זאפט.

און עס לויפען מענשען דורכ׳ן סעדעל און בעמערקען ניט דאס לעבען, וואס הייבט זיך שוין אן באוועגען און אט שטעהט ער אויף תחית המתים און בעמערקען ניט דעם טויט, וואס שטעהט אנגעשפארט אן

א קליינעם יונגעלע, דעם טויט, וועלכער וועט באלד פארשוואונדען ווערען, ווי א גאסט פון יענער וועלט.

זיי, די מענשען, קלערען, ווי עס ווייזט אויס, וועגען עפּעס אנדערש, וואס האט ניט קיין שייכות ניט צום לעבען און ניט צום טויט. און זענען פארנומען מיט אייגענע עסקים מיט אייגענע חשבונות.

דאס יונגעלע שטעקט אלע ווייליע אויס שוויינענדיג דאס הענטעלע, אבער קיינער בעמערקט עס כמעט ניט, און דער וואס בעמערקט, מאכט זיך אויך ניט וויסענדיג, און לויפט ווייטער.

און דאס יונגעלע לאזט אראב דאס הענטעלע און דערלאנגט א קוק אויף דער באבען. איהר געזיכט דריקט אבער גאר נישט אויס, און רעדען רעדט זי אויך זעהר זעלטען און זעהר ווייניג, כמעט גאר נישט...

בשעת איך בין איין אבגעריסענער איין אבגעשליסענער געגאנגען דורכ'ן סעדעל האב איך גראד בעמערקט דאס קליינע הענטעלע מיט דער אלטיטשקער באבע, ווייל איך האב מיט אלע איבעריגע מענשען קיין שום געשעפטען ניט געהאט און מיין אויפמערקזאמקייט פלעגט זיך גראד אבשטעלען אויף דעם, וואס די איבעריגע מענשען פלעגען קוים בעמערקען.

דאס יונגעלע האט צו מיר דאס הענטעלע ניט אויסגעשטרעקט ער האט נאר געקוקט אויף מיר מיט פריינדליכע אויגען: נאך מיינע קליידער האט ער בעמערקט, אז איך מוז אויך געהערען ניט צו די געבער, נאר צו די נעמער.

די אלטיטשקע באבע מיט איהרע פארלאשענע אויגען און אויסגעטריקענטע ביינער האט אויף מיר א שטארקען איינדרוק געמאכט און ווייל איך האב קיין שום עסקים און חשבונות אין ערגעץ ניט געהאט, איך זאל זיך וואו דארפען איילען און וועגען עפּעס זייטיגעס קלערען, האב איך זיך אנידער געזעצט אויפ'ן בענקעל נעבען דעם ארט, וואו די באבע איז געשטאנען.

דאס יונגעלע האט זיך פארגעסען וועגען די פארבייגעהענדע, האט אראבגעלאזט דאס הענטעלע און האט געקוקט אויף מיר. זיין בליק האט ווי געבעטען: „עס ווילט זיך הערען חאטש ווען עס איז א מענשליכען ווארט, רעד מיט אונז אביסל; הייב אבער דו אן, ווייל איך שעם זיך".

און איך האב אנגעהויבען.

באבינקע, וואו זענען אייערע...

איך האב בעמערקט נאך איהר געזיכט, אז זי הערט ניט וואס איך רעד.

— די באבע איז טויב, מען דארף צו איהר שרייען — האט מיר דאס יונגעלע געלערנט.

— באביניו! — האב איך אזוי הויך ארויסגעשריגען, אז אלע פארבייגעהענדע האבען זיך אומגעקוקט — וואו זענען אייערע קינדער, אייערע איינִיקלעך? וואס האבען זיי אייך ארויסגעטריבען אויפ'ן גאס?

די באבע האט זיך אוועקגעזעצט נעבען מיר און האט אנגעהויבען רעדען זעהר לאנגזאם און אזוי שטיל, אז איך האב קוים געקאנט הערען איהר קול. מיר האט זיך געדאכט, אז איך הער נאר איין אבקלאנג פוי א קול פון יענער וועלט.

— מיינע קינדער? עך... — האט זי ארויסגעלאזען פון הארצע עפּעס עהנליכעס צו א זיפץ.

— שוין צעהנדליגע יאהרען פון זיי ניט געהערט... אך און וועה איז צו זיי געוועזען, וואס איך האב זיי גאר אויף דער וועלט געבראכט...

כ'געדענק שוין אליין ניט ווי אזוי אלע זענען פון מיר אבגעריסען געווארען, צעזייעט אויף אלע זיבען ימים, ווער ווייסט, וואו זייערע ביינער וואלגערען זיך... — האט די אלטיטשקע ווייטער געריעדט — טעכטער האב איך געהאט... מעהר ניט וועגען איינע האב איך זיך לאנג שוין בערוהיגט... געשטארבען איז זי... זיין מאמע דעם יונגעלעס, איז זי געוועזען... מיינער איין אייניקעל איז דאס, „מאמע — פלעגט זי זאגען — לאז מיר אליין מיין וועלט פיהרען, זעה, ניט מיש זיך, ניט לערען מיר". איך האב איהר געלאזען... כ'האב איהר א פנים געקאנט וואס בעסערס געבען?.. פיהר דו אדרבא... ניכ'ר פון אלעמען אויסגעפיהרט... פטור געווארען... א בחור פלעגט צו איהר קומען... א וואהלער בחור... כ'האב איהם ליב געהאט ווי מיין לעבען... מעהר ניט זיך יודישליך ניט געפיהרט. „מאמע" פלעגט זי זאגען, „ניט דיינע דאגות". און איך האב געלאזען... ער האט איהר אלץ „טייבעלע" גערופען און וואלט דאס לעבען פאר איהר אוועקגעגעבען! און ער האט עס טאקי אוועקגעגעבען... די שכנים זענען פון הויט געשפרונגען, מיר מוסר געזאגט, איהר טויטע קללות געגעבען, האבען גאר נישט פארשטאנען, נאר נישט געפיהלט... איך האב געפיהלט און איך האב געלאזען... קינדער... זיין יונגעלע איז דאס טאקי. ליב האב איך איהם דאס יונגעלע... געלאזען איהם נעביך א יתום... געשטארבען פון א פארקיהלונג... מיין ליבסטע קינד געוועזען... איין עהרליך קינד... און די שכנים האבען די אייגענע טעכטער געהייסען א מוסר זיך נעמען... מיינע דאגות.. ניט פארשטאנען האב זיי... בייזע מענשען... מענשען זענען אלע בייזע..

און ער האט אנגעהויבען גלייך אונטערגעהן... שווארץ ווי די ערד... געהט און זעהט ניט... געהט און פאלט... צוויי חדשים געצויגען... דאס יונגעלע איז מיר נאר א טרייסט געבליבען... איין ארימאנס טרייסט...

— נאך געדענק איך א זוהן, מיין יונגערען זוהן, מענדל האט ער געהייסען... געחאפּט ביי א גנבה... געשלאגען האט מען איהם... גע'מזיקט... בלוט האט גערונען... אין טורמע האט מען איהם אוועקגעפיהרט... געלאכט האבען די שכנים... מיט די פינגער געטייטעלט... וואס איז מיט איהם נאכדעם געווארען, ווייס איך ניט. נאך גוט, אוי'ב ער איז געשטארבען... מסתמא איז ער געשטארבען... דאס הארץ זאגט מיר... א וואהל'ינד געוועזען... געחאפּט ביי א גנבה... גאט זאל איהם משפּט'ן...

די באבע האט פּלוצלינג זיך אויפגעחאפּט ווי פון א שלאף.

מעהר געדענק איך ניט... מעהר ווייס איך ניט... איך שטעה און ווארט אויפ'ן טויט, אהין צו זיי, צו די קינדער... אהין צו מיין טאכטער, נעביך געוואלט לעבען אנדערש... א יתום געלאזען...

שטארבען וועל איך און וועל א יתום לאזען... כ'האב מורא פאר איהם... די מענשען וועלען איהם אומברענגען... אומברענגען ווי אלע מיינע קינדער... אלע...

איך האב א קוק געטאן אויף דער באבען. די ליפען האבען זיך

נאך געשאקעלט, נאר קיין קול האב איך ניט געהערט. זי איז געזעסען ווי א גאסט פון יענער וועלט אין סעדעל, וואס אט אט הייבט ער זיך אן פאנאנדער צו לאזען, וואס אט אט ווערד ער פארהילעכט פון פויגעל־געזאנג.

אונ די מענשען האבען געאיילט ערגעץ פארביי אהן איין אויפהער, ניט בעמערקענדיג אונז אויפ'ן קליינעם בענקעל.

איך האב א קוק געטאן אויפ'ן יונגעלע. ער האט שוין לאנג גע־קוקט אויף מיר מיט נייגיעריגקייט, אזוי ווי ער וואלט וועלען איבער לייענען ביי מיר אין די אויגען, וואס פאר איין איינדרוק עס האבען אויף מיר זיין באבעס ווערטער געמאכט. וואס ער האט ביי מיר אין די אויגען בעמערקט, ווייס איך ניט, ווייל ער האט די גאנצע צייט ווי פארשטיינערט געשוויגען.

די באבע איז אויפגעשטאנען אונ האט זיך אנגעשפארט אן איניקל, וועלכער האט פלוצלינג ווי פארגעסען אן מיר אונ האט ווייטער אויסגעשטרעקט דאס דינינקע הענטעלע צו די פארבייגייער.

איך האב אנגעטאפט ביי זיך אין קעשענע עפיס א פארוואורפענע מטבע, אונ האב איהם געוואלט אריינלייגען אין הענטעל, נאר איך האב אויף דעם קיין כח ניט געהאט. מיר האט זיך געדאכט, אז ווי נאר איך וועל איהם דערלאנגען די מטבע, וועל איך גלייך קאליע מאכען עט־וואס זעהר א וויכטיגעס, זעהר א טייערעס. וואס קאן איך דא קאליע מאכען — האב איך קלאר אליין ניט געוואוסט. עפיס האט זיך מיר פארגעשטעלט, אז דאס וואלט געווען א שטערבליכע באליידיגונג פאר דער באבען. יענע, די פארבייגייהענדע, איז איין אנדער זאך, זיי זענען פון איין אנדערע וועלט, אבער איך טאר זיי קיין נדבה ניט גע־בען, ווייל מיר זענען פון איין וועלט...

דאס יונגעלע מיט דער באבען האבען זיך שוין אן מיר אין גאנצען פארגעסען אונ זענען געשטאנען שטיל ביים זייט פון וועג.

איך האב זיך אויפגעהויבען פון ארט אונ בין ווייטער אוועק איין אפגעריסענער, איין אפגעשליסענער אין איין וועג מיט די מענשען, מיט וועלכע איך האב קיין שום געשעפטען ניט געהאט, אויפמערקזאם אפשטעלענדיג זיך ביי די זאכען, וואס זיי פלעגען קוים—קוים בע־מערקען.

משה טייטש.

---

# דאס לעבען זיך נעמען.

(פארטזעצונג פון נומער 14).

פון דעם צאהל זעלבסט־מארדען ביי די פערהייראטע אונ נישט פערהייראטע פרויען וועלען מיר קענען פארשטעהן אויף וויפיעל דאס הייראטען האלט אב די פרוי פון זעלבסט־מארד. דאס הייראטען איז געוויס איינע פון די וויכטיגסטע סבות אין דעם גליקליכען אדער אומגליקליכען לעבען פון דער פרוי. נישט אומזוסט בעגעגענט מען אומעטום, בפרט אין פראנקרייך (וועלכע איז אלעמאל די ערשטע צו יעדער זאך). פראיעקטען ווי אויסצובעסערען דאס פאמיליען־לעבען, נישט אומזוסט זוכט מען איצט אין אלע לענדער לייכטער צו מאכען דאס גט'ען זיך. מיר זעהען פון דער סטאטיסטיק, אז איבער אומגליקען אין פאמיליען־לעבען טרעפען זיך זעהר פיעל זעלבסט־מארדען ביי פרויען, א סך מעהר ווי ביי די מענער. דאס פאמיליען־לעבען איז בכלל א צער, פון וואנען עס נעמען זיך זעהר פיעל אומגליקען אויף דעם מענשען אונ בפרט אויף דער פרוי, ווייל דאס פאמיליען־לעבען בע־דייטעט פאר די פרוי א סך מעהר ווי פאר דעם מאן, פאר איהר איז דאס דער גאנצער תכלית פון לעבען. אין פיעל ערטער איז צווישען פערהייראטע פרויען ווייניגער די צאהל זעלבסט־מארדען אלס צווישען פריילינס, אין אנדערע ערטער איז אבער פונקט פארקעהרט. אין פראנקרייך, איטאליע אונ שווייץ טרעפען זיך מעהר זעלבסט־מארדען ביי פערהייראטע אלס ביי נישט פערהייראטע. מיר זעהען אויך אין דעם אופן, אז חאטש דאס הייראטען, דאס גליק אדער אומגליק אין פאמיליען־לעבען, האט א סך צו זאגען אין די סבות פון די זעלבסט־מארדען ביי די פרויען, פונדעסטוועגען קענען מיר דאך נישט זאגען, אז נאר דאס חתונה האבען איז די סבה פון אלע זעלבסט־מארדען ביי פרויען. נאר דעם איינעם אונטערשיד קענען מיר יא ארויסנעמען פון דער סטאטיסטיק: די פערהייראטע מענער ביזגעהען דעם זעלבסט־מארד דאס רוב איבער דעם מאטעריאלען שלעכטען צושטאנד אונ די פערהייראטע פרויען — איבער דעם גייסטיגען שלעכטען צושטאנד, איבער פארשידענע קראנקהייטען אונ אונצופרידענהייטען אין דעם פאמיליען־לעבען. ווי מיר זעהען, וואכסען די פארשידענע צאהל זעלבסט־מארדען ביי פרויען אונ ביי מענער אויך פון טיעפע אונ אלערליי אלגעמיינע סבות פון דעם גאנצען לעבען. *)

א סך זעלבסט־מארדען בעגעגענט מען אפילו צווישען קינדער פון 6 ביז 16 יאהר. אמת די סטאטיסטיק פון די זעלבסט־מארדען ביי קליינע קינדער קאן נישט זיין אין גאנצען א ריכטיגע, ווייל ביי א קינד איז טייל מאל שווער אפצוטרעפען, צי עס האט זיך אליין גע־נומען דאס לעבען, צי עס איז געשטארבען דורך איין אנדערע סבה עס טרעפט אבער זעהר אפט, ווען מען ווייסט אויף זיכער, אז דאס קינד האט זיך אליין אויסגעקליבען א זעלבסט־מארד. דאס קינד פיהלט ריינער אונ טיעפער אלס א דערוואקסענער אונ קאן דעריבער טייל מאל נישט אויסהאלטען די בעליידיגונג פון בייזע, גראבע אדער שלעכטע מענשען, טיילמאל טרעפען זיך אויך ביי קינדער זעלבסט־מארדען מחמת מורא פאר א שטראף. בכלל זענען די סבות פון די זעלבסט־מארדען צווישען קינדער דאס רוב, אדער איבער א זעהר גרויסען בזיון, אדער איבער א פחד פאר א שטראף אין דער היים, צי אין דער שולע.

א קינד פיהלט אויך שטארק דאס אומרעכט, וואס מען טוט איהם אין דער היים צי אין דער שולע, איין אומזוסטער שטראף אדער איין אומזוסטע שלעכטע בעהאנדלונג אדער בעליידיגונג ווירקט א מאל אויף דעם קינד זעהר שטארק אונ ער האט דערפון גרויסע שמערצען. פיעל קינדער, וועלכע קענען נישט אריבערטראגען די עוולות אין דער שולע, נעמען זיך איבער דעם דאס לעבען.

אויף א קינד קוקט מען אויך נישט ווי אויף א פרייעם מענשען. די גאנצע צייט, וואס דאס קינד האדעוועט זיך אין דער שולע אדער

*) א פראנצויזישער געלעהרנטער לערוא זאגט, אז אין פראנקרייך איז דריי מאל קלענער די צאהל פון זעלבסט־מארדען ביי פרויען איבער דעם, וואס ביי זיי זענען געשטארבען די מאנען, אלס די צאהל פון זעלבסט־מארדען ביי די מענער, איבער דעם וואס ביי זיי זענען געשטארבען די פרויען.

אין דער היים, בעמיהט מען זיך וואס שטארקער צו דריקען זיינע געפיהלען אונ זיינע פערלאנגען. דאס קינד ווייסט נאר איין זאך: עס דארף זיין איינגעשפארט, עס דארף מורא האבען אונ מוז טון אלץ וואס מען הייסט, אונ קוים וויל דאס קינד ארויסווייזען אין עפּיס זיין איינענעם ווילען, שלאגען איהם דערפאר די עלטערן אדער די לעהרער. פיעל קינדער אבער, וועלכע זענען געבארען געווארען מיט שטארקע געפיהלען אונ איידעלע נשמות, קענען טייל מאל נישט אויסהאלטען די אכזריות פון די עלטערע, אונ נעמען זיך מחמת דעם דאס יונגע לעבען. עס פארדיענט בעמערקט צו ווערען, אז די קינדער־זעלבסט־מארדען טרעפען זיך מעהר ביי מיידלעך ווי ביי יונגלעך, א פנים אז נאך קליינערהייט פיהלען אויך די פרויען שטארקער אונ ליידען אויך מעהר ווי יונגלעך פון די בייזע אדער שלעכטע ערציעהער.

צווישען אינטעליגענטע מענשען, דאס הייסט, די וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט איידעלע ארבייט ווי: א לעהרער, א דאקטאר א. ז. וו. אונ בפרט צווישען די וואס שטודירען, בעגעגענט מען אויך מעהר זעלבסט־מארדען ווי צווישען בעלי מלאכות, סוחרים אונ אנדערע פראפעסיעס, אזוי בעווייזט אונז די סטאטיסטיק פון אלע זעלבסט־מארדען.

עס פארשטעהט זיך, אז עס וועט זיין א גרויסער טעות, אויב מיר וועלען רעכענען, אז די אוניווערזיטעט אונ די בילדונג זענען שעדליכער פאר דעם מענשענס לוסט צום לעבען ווי די מלאכה אונ דער האנדעל. מען דארף נישט פארגעסען, אז אין דעם קלאס „אינטעליגענטע" געהען אריין זעהר פיעל מענשען, וועלכע האבען פיעל שטארקע אונ וויכטיגע סבות אין זייער גאנצען לעבען אונ די סבות האבען גאר קיין שום שייכות נישט ניט צו דער בילדונג אונ ניט צו דער אוניווערזיטעט. צווישען די סטודענטען האבען מיר בכלל יונגע מענשען, וועלכע פיהלען מעהר אונ שטארקער די פארשידענע שלעכטע ארדענונגען אונ די אומגליקען אין דעם גאנצען ארומיגען לעבען; אז מיר זאלען זיך צוקוקען טיעפער צו די סבות פון דעם לעבען ביי דעם אינטעליגענטנעם מענשען אונ ביי די סטודענטען, וועלען מיר געפינען, אז די זעלבסט־מארדען צווישען זיי וואכסען אויך פון א סך שלעכטע בעדינגונגען פון דעם גאנצען לעבען אונ נישט פון זייער פראפעסיע. אין דער סטאטיסטיק וועלען מיר זעהען, אז צווישען די מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט בעדיענונג (לאקייען, קעכינס א. ד. ג.) טרעפען זיך מעהרער זעלבסט־מארדען ווי ביי די אינטעליגענטע, חאטש זיי זענען ווייניגער געבילדעט. די ערשיינונג זעהען מיר כמעט אומעטום. אז יעדער מענש, וועלכער איז געדריקט געווארען זעהר שטארק פון אנדערע מענשען אונ האט אליין נישט בכח ארויס־צוגעהן געגען אלעמען — זוכט ער דעם טויט. דער מעהר געביל־דעטער אונ ענטוויקעלטער מענש איז בכלל מעהר נוטה אויסצולאזען די נקמה פון זיינע ביטערסטע געפיהלען אויף זיך זעלבסט אונ נישט אויף זיינע שונאים. לאמבראזא זאגט: אז ביי יעדעס מאל וואס דער נישט געבילדעטער גראבער מענש וואלט געטאן א פערברעכען געגען אנדערע, טוט עס דער געבילדעטער מענש געגען זיך זעלבסט אונ בעגעהט א זעלבסט־מארד, אנדערע האבען אפילו געוואלט אויפ־ווייזען, אז וואס מעהר עס ווערד די צאהל פון זעלבסט־מארדען, אלץ ווייניגער ווערד די צאהל פון גנבות אונ גזלות, דאס איז אבער, לעת־עתה, נאך נישט דערוויזען געווארען.

(ענדע קומט).

ש. בעלענקי.

---

# א בריף אין רעדאקציע.

## זעהר געעהרטע רעדאקציע!

מיר ערלויבען אונז אייך צו צושיקען א פראטעסט געגען דעם ארטיקעל „אחד־העם איבער אלטניילאנד", וועלכען ד"ר מאקס נארדוי האט אין מעהרערע יודישע צייטונגען אבגעדרוקט אונ מיר בעטען אייך אבצודרוקען די דאזיגע ערקלערונג, ווי אויך די נעמען, וועלכע זענען אויף דער ערקלערונג אונטערגעשריבען אונ וועלכע זענען פארצייכענט אויף דעם צווייטען בויגען, וועלכען מיר שיקען אייך דא צו.

דאנקענדיג אין אונזער נאמען אונ אין דעם נאמען פון אלע אונטערגעשריבענע שרייבען מיר זיך אונטער מיט האכאכטונג:

מארטין באבער. בערטהאלד פייוועל. ד"ר ח. ווייצמאן.

### ערקלערונג.

אין דעם נומער 11 „וועלט", אונ צו גלייכער צייט אין נאך אנדערע יודישע צייטונגען, האט מאקס נארדוי פארעפענטליכט א מאמר מיט דעם נאמען: „אחד העם איבער אלטניילאנד". אין דעם דאזיגען מאמר האט ער בעליידיגט אחד־העמ'ן אלס יוד אונ אלס שריפטשטעלער, דערפאר וואס „אחד העם" האט זיך בענוצט מיט דעם רעכט פון דער פרייען קריטיק איבער דעם ראמאן „אלטניילאנד" פון טהעאדאר הערצעל. די חשיבות פון אחד העם פארשפארט אונז איהם צו באשיצען, צו באשיצען דעם מענשען, וואס האט געהאלפען צו גרינדען דעם גייסטיגען ציוניזם, דעם מענשען, וואס שרעקט זיך פאר קיינעם נישט צו זאגען דעם אמת, וואס קומט איהם אויס לויט זיין מיינונג, דעם מאראלישען מענשען, וואס די בעסטע יודען אין מזרח אייראפא קוקען אויף איהם מיט כבוד אונ פארטרויען, אויף דעם אמת'ן טרייען יודען, וועלכער האט נאך איידער דער פאליטישער ציוניזם איז געווארען, מלחמה געהאלטען אלס שטרענגער ראדיקאל פאר די נאציאנאליסטישע בעוועגונג, וועלכער האט זיך געהאלטען ביי די ווערטער: „א גאולה פאר דעם פאלק, פאר דער שפראכע אונ לאנד". עס איז איבריג צו בעשיצען אחד העמ'ן געגען די זודלעריי־ען אונ ערנידערונגען, וועלכע געפינען זיך אין נארדוים ארטיקעל.

מיר האלטען עס אבער פאר א חוב צו פראטעסטירען מיט אלע כחות אין דעם נאמען פון פיעלע יודישע שריפטשטעלער אין מערב אייראפא געגען די דאזיגע נישט שענע אויספיהרונג, געגען דעם דאזיגען ארטיקעל, וואס פארדיענט, מען זאל עס בעדויערען.

ד"ר. ש. בערנפעלד, בערלין; י. ל. בארוכאוויטש, בערן; ד"ר מ. ברוידא, ראבינער אין סטאניסלאוו; מארטין באבער, וויען; ד"ר מ. עהרענפרייז, רב הכולל אין סאפיא; ד"ר י. עליאשעוו, ציריך; ד"ר ניימארק, ראבינער, ראקאוויץ; ד"ר ישראל פרידלענדער, פריוואט דאצענט, שטראסבורג; ד"ר אלפרעד נאססיג, בערלין · דוד ראטהבלום,

וויען; שלמה שיללער, לבוב; אדאלף שטאנד לבוב; בערנארד טאג, וויען; ד״ר טהאן, ראבינער, קראקא; דאווים טריעטש, בערלין; שאול טשערניחאווסקי; ד״ר פאול אייזענגרין, וויען; ד״ר ח. ווייצמאן, פריוואט־דאצענט זשענעווא.

---

## ליטעראטור און קונסט

— די קייזערליכע אקאדעמיע פאר קונסט אין פעטערסבורג האט בעשטימט א קאנקורס צו מאכען א מאנומענט פאר דעם רוסישען קאמ־פאזיטאר גלינקא. ביז היינט האט מען צוגעשיקט 8 מאדעלען, צווישען זיי געפינען זיך אויך מאדעלען פון די יודישע סקולפטארען גינצבורג, בערנשטאם און אהרנזאהן.

— דער דייטשער סקולפטאר פ ר ע צ ש ו י ע ר אין בערלין האט בעקומען א בעשטעלונג פון דעם דייטשען קייזער צו שטעלען א מאנומענט דעם קעניג האמוראבי. דאס איז דער קעניג אמרפל, וואס האט גע־לעבט אין אברהם אבינו׳ס צייטען לויט די מיינונג פון דעם פראפעסאר דעליטש.

---

## א יודישער קינסטלער.

וועגען א זעלטענעם יודישען קינסטלער, דערצעהלען פיעל צייטונגען. מיר ברענגען נאר דא די ווערטער, וואס א קארעספאנדענט דערצעהלט וועגען דעם דאזיגען יודישען קינסטלער, וועלכען ער האט די טעג בעזוכט אין זיין וואהנונג:

„געכטען זענען מיר געווען ביי איינעם פון וועלכע די גאנצע וועלט רעדט אצינד און וועלכען די גאנצע אייראפעאישע פרעסע בכלל, און דער עיקר די פראנצויזישע פרעסע, גיט איהם אוועק א גרויס שטיק ארט.

איך רעד דאס פון ה׳ ישראל רוחאמאווסקי, פון דעם בעשיידענעם גראווער, וועלכער האט קיינמאל נישט געחלומט צו ווערען א „בעריהמטער".

דער דאזיגער רוחאמאווסקי וואהנט אין אדעסא, און איז בע־שעפטיגט מיט זיין ארבייט, פון וועלכע ער האט ווי עס איז חיונה און ערציעהט זיינע קינדער.

ישראל רוחאמאווסקי איז אליין א יוד א געבארענער פון מאזיר (מינסקער גובּ). מאזיר איז בעוואוסט דערמיט, וואס כמעט יעדע דריי יאהר איז דארטען גרויסע שרפות. אין אדעסא האט ער זיך אריינגע־צויגען צוריק מיט א סך יאהרען. פון קינדוייז אן האט ער זיך אויס־געצייכענט מיט זיינע גוטע פעהיגקייטען און זיין לוסט צו די קונסט. שוין אין די יונגלישע יאהרען האט רוחאמאווסקי ליב געהאט צו „גראבלען" אין קופער, שפעטער האט ער זיך גענומען צום שניצען פארשידענע פיגורען און האט זיך אין דער ארבייט גוט איינגעוואהנט, נאר ווייל ער האט נישט בעקומען די בילדונג, וואס איז נייטיג פאר יעדען גרויסען קינסטלער איז ער נישט ווייט געקומען. שאפען עפּיס אליין פון זיין אייגענע פאנטאזיע האט ער נישט געקאנט, דערפאר אבער האט ער זעהר גוט פארשטאנען נאכצומאכען און אויסצופער־טיגען די שענסטע און קינסטליכסטע זאכען לויט די אלטע מוסטערען און ארגינאלען. זיינע פארקלענערטע אויסגעשניטענע פיגורען זענען אנגענומען געווארען אלס די בעסטע און קינסטליכע גראווער־ארבייט.

נאר ווייטער ווי דאס ביסל התפעלות, וואס דער עולם האט געהאט פון זיינע אויסגעשניטענע פיגורען, איז רוחאמאווסקי נישט געקומען. עס האבען זיך אפילו צו איהם געווענדעט די גרעסטע אדעסער פירמעס מיט בעשטעלונגען, זיי האבען אבער מיט איהם אויסגענומען א תנאי, ער זאל נישט שטעלען דערויף זיין נאמען. מען האט איהם עקספלאאטירט גלייך מיט אנדערע פעהיגע קינסטלער און מען האט זיך בעניצט מיט זיין ארבייט און זיין נאמען נישט דערמאהנט.

און היינט האט אט דער קליינטשיקער קינסטלער פאר־אינטערעסירט די גאנצע וועלט...

מען זאגט, אז ער האט אויסגעשניטען די פיגור פון דער „טיארא", (אזא סארט קרוין, וועלכע די פארצייטיגע גריכישע קעניגע האבען געטראגען) וואס דער קעניג ס י י ט א פ א ר ע ס האט געטראגען. (סייטאפארעס האט געלעבט פאר 2 טויזענט יאהר צוריק) און דערפאר האט דאס לובערישע מוזעאום בעצאהלט 150,000 רובל.

די בעסטע פראנצויזישע ארכעאלאגען און די בעריהמטעסטע געלעהרנטע האבען די דאזיגע „טיארא" געהאלטען פאר א ריכטיגע, זיי האבען געמיינט, אז דאס איז טאקי די אייגענע וואס ס י י ט א פ א ר ע ס האט געטראגען, מיליאנען מענשען, וועלכע האבען בעזוכט דאס לובערשע מוזעאום זענען נתפעל געווארען פון דער דאזיגער טיארא, גאנצע ביכער האט מען וועגען דעם שוין אנגעשריבען און מיט אמאל האט מען זיך דערוואוסט, אז די דאזיגע „טיארא", וואס מען האט געמיינט, אז צוריק מיט צוויי טויזענט יאהר האט דאס דער גריכישע סענאט צוגעטראגען זייער קעניג, האט נאר געמאכט עפּיס א יודל, רוחאמאווסקי, א יובעליר אויס אדעסא.

אט דעם יודל רוחאמאווסקי האבען מיר נעכטען בעזוכט, אין זיין נישט גאנץ גרויסען צימער אויף דעם דריטען עטאזש.

אויף א שמאלע און נישט איבעריג ריינע טרעפּ זענען מיר צוגעקומען צום דריטען עטאזש. אויף דעם קליינעם טירל פון זיין וואהנונג הענגט א מעשען בלעכל, מיט קינסטליכע אויסשניידונג שטעהט דער נאמען „רוחאמאווסקי". די טיר האט אונז געעפענט די פרוי פון דעם „בעריהמטען", א פרוי שוין נישט מעהר קיין יונגע, וועלכע האט זיך געדרעהט ארום דעם אויווען.

די ווענט פון דעם קליינעם צימער זענען געווען בעהאנגען מיט פארשידענע פיגורען.

אונז איז ענטקעגען געקומען ה׳ רוחאמאווסקי א מענש פון נישט קיין גרויסען וואוקס מיט טונקעלע ברילען, אזוי אז מען קאן זיינע אויגען נישט זעהען.

אויף דעם טיש ליגט א לאנגער „צעטעל", אויף וועלכען עס זענען פארשריבען אלע נעמען פון די מענשען, וואס האבען איהם געמאכט „וויזיטען", צווישען זיי אויך דער פארשטעהער פון דער „רוסישער טעלעגראף - אגענטור, דאקטוירים און ווי עס פארשטעהט זיך א סך, א סך קארעספאנדענטען.

— דער תלמוד זאגט — האט אונז רוחאמאווסקי געזאגט מיט

זיין ליטווישער אויסשפראכע: „אין לך אדם שאין לו שעה", יעדער מענש האט זיך זיין צייט, היינט איז געקומען מיין צייט. איך האב גראווירט די דאזיגע „טיארא" איך האב עס פארקויפט פאר א גאנץ קליינעם מקח, א חרפה גאר אויסצוזאגען און יענער האט דאס אנגעגעבען פאר די אמת'ע טיארא, וואס סייטאפארעס האט געטראגען.

איך האב בעקומען מעהרערע טעלעגראמעס און דעפעשען, איך זאל קומען צו פאהרען אין פאריז, פון אזוינע רעדאקציעס ווי „פיגארא", „מאטען", „פטי זשורנאל" און נאך אנדערע. א פנים זיי ברויכען מיר דארטען גאנץ נייטיג. צו מיר קומען זעהר פיעל מענשען פון פאר־שידענע פעלקער און אלע ווילען וויסען, צי איך בין דאס דער גראווער פון דער בעריהמטער „טיארא".

— די טעג — דערצעהלט רוחאמאווסקי ווייטער — האט מיך בעזוכט דער פירסט באריאנטינסקי (דער געוועזענער רעדאקטאר פון „סיעווערני קוריער"), איהם האט אהער געשיקט די רעדאקציע פון „פיגארא" זיך מיט מיר דורכצושמועסען וועגען דער דאזיגער טיארא.

— איך דערצעהל דערווייל קיינעם נישט, איך רעכען, אז דערצעהלען פאר דער צייט איז נישט כדאי, עס קאן נאך דערפון ארויסקומען נישט קיין אנגענעהמע זאכען...

— איך לייקען נישט אב, אז איך האב גראווירט אזא טיארא, נאר איך זאגען אויף זיכער, אז דאס איז די איינענע טיארא, וואס איך האב געמאכט קאן איך אויך נישט.

— די טעג פאהר איך קיין פאריז מיט מיין אייגענעם רצון, און אז איך וועל זעהען די טיארא, וועל איך אלעמען דערצעהלען, איך האב פאר קיינעם קיין מורא נישט, און וועל פאר קיינעם נישט האלטען בסוד.

— איך וויים, אז אין פאריז ווארט מען אויף מיר, מען קוקט זיך די אויגען אוים, ביז איך וועל זיין אויף דעם ארט און וועל אליין נישט זעהען מיט מיינע אייגענע אויגען, קאן איך נישט און דארף נישט מעהר רעדען.

רוחאמאווסקי לייקענט אלזא נישט אב, אז ער האט געמאכט די טיארא, ער שרעקט זיך אבער, ווי עס ווייזט אוים, פאר דעם פראנ־צויזישען סקולפטאר עלין, וועלכער האט בעקאנט געמאכט, אז ער האט די דאזיגע טיארא געמאכט.

לויט די לעצטע ידיעות זעהט מען ארוים, אז עלין איז נישט דער אמת'ער גראווער פון דער טיארא און דער כבוד געהערט נאר דעם יודישען גראווער רוחאמאווסקי.

איין זאך ווייסט מען שוין אויף זיכער, די טיארא איז נישט קיין אמת'ע נאר א נאכגעמאכטע.

— אז איך וועל קומען אין פאריז — זאגט אונז ווייטער רוחאמאווסקי — וועט איהר באלד דערוויסען דעם אמת, דערווייל טרעפט, קלערט האט רוחאמאווסקי געענדיגט מיט א שמייכעל.

און דערמיט האט זיך געענדיגט אונזער שמועס.

---

לעצטע ידיעות וועגען דער טיארא מעלדען, אז דער פראנ־צויזישער קינסטלער עלין איז זיך מודה, אז ער האט די טיארא נישט געמאכט, זיין עיקר כונה איז נאר געוועזען, מען זאל די טיארא ארויסנעמען פון מוזעאום לובער, וועלכעס איז נאר בעשטימט פאר אלטע זאכען אבער נישט פאר קונסט־זאכען. — רוחאמאווסקי איז שוין אין פאריז.

גר. זאנ—ז.

---




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין פראנקרייך האבען די פרויען בעקומען וואהל־רעכט.

— אין דייטשלאנד האט מען געעפענט איינינע ליצעאומ'ס און שולען פאר שענע קונסט פאר פרויען.

— אין בייערן האבען פיעלע פרויען בעקומען שטעלען אויף דער אייזענבאהן.

— אין עסטרייך איז א פרוי געווארען א שעף אויף א באהן סטאנציע.

— אין מאסקווא האט מען ערלויבט פרויען צו ווערען אגענטען אין פארשידענע אסעקוראנץ געזעלשאפטען. אויך רעדט מען, אז מען וועט דארטען די צייטען עפענען א מעדעצינישען אינסטיטוט פאר פרויען.

## II. יודישע נייעס.

— מאדאם הורנען און מיינעל אין קיעוו האבען געג. רינ רעט אין דעם קיעווער קווארטעל „פאדאל" א חברה „לחם אביונים". דער צוועק פון דער חברה איז צו שטיצען די ארעמע יודישע בעלי מלאכות אין פאדאל, ווען זיי האבען נישט קיין ארבייט.

— אין דורין, א קליין שטעדטל אין פאדאלער גוב. איז ארייננע־קומען איין א־עמאן צו א יודענע, וואס איז שוין איין ענונה זייט 22 יאהר, זי האט איהם געגעבען א נדבה און ער האט שוין געוואלט ארויס־געהן; זי האט איהם אבער דערקענט, אז דאס איז איהר מאן און זי האט איהם אנגעהאפט ביי דער האנט און געמאכט א גוואלד, ביז עס זענען זיך צונויפגעקומען מענשען פון דער גאס און ער האט איהר געמוזט געבען גט.

---

# שדוכים פון ליבע.

(ענדע פון נומער 14).

דאס זעלבע קומט אויך פאר ביי גייסטיגע פעהלער, וועלכע קענען שטערען די פארטפלאנצונג. די ערקלערונג לאזט זיך ניט אין קורצען בעשפרעכען, איך קאן נאר דא אויפמערקזאם מאכען דארויף, אז עס גיבט מאנכמאל א ליבע צווישען צוויי פערזאנען, וואס פאר דער חתונה דאכט זיך זיי ביידע, אז די חאראקטערע הארמאנירען מיט איינאנדער, און דערנאך ציינט זיך נאר ארוים פארקערט. דא ליגט בעהאלטען א סוד פון דער נאטור, א מאסקע, א פארבלענדעניש, וואס דער אמת'ער צוועק איז צו בעזייטיגען יענעם גייסטיגען פעהלער, איהם אבצושוועכען אדער ווי די געלעהרטע מענער זאגען צו נייטו־ראליזירען אין דעם קינפטיגען דור. דאס שפירען ביידע געליבטע אינסטינקטליך, חאטש זיי ווייסען גאר ניט דערפון.

הויכגעוויכסיגע פרויענצימער ווילען ניט הייראטען קיין הויכגע־וויכסיגע מענער, ווייל די נאטור וויל ניט האבען, אז עס זאל געבא־רען ווערען א דור פון הויכגעוויכסיגע אונגדויערהאפטע ברואים דורך דער שוואכקייט פון דעם פרויענגעשלעכט אים אלגעמיין.

די קאליר פון פנים האט אויך א בעדייטונג ביי דער ליבע: מיר זעהען צום ביישפיל א בלאנדינעם געפעלט בעסער א בראנעטע פרוי־ענצימער, אבער דער בראנעטער פרוי געפעלט זעלטען א בלאנדינער

מאנספערזאן. דאס איז וואהרשיינליך דעריבער ווייל בלאנדע האר אונ בלויע אויגען זענען אזוי אונגאטירליך אקוראט ווי ווייסע מייז אונ ווייסע פערד. לויט ווי די געלעהרטע בעהויפטען איז דער מענש פון דער נאטור בעשאפען געווארען מיט א שווארצער הויט (נעגער) אדער א דונקעלע פארב (אינדיאנער). ווייסע הויט איז אין דער נאטור ניט דא, חאטש מיר זענען געוואהנט צו בעהויפטען פארקעהרט. מיר פארגעסען, אז די יעצטיגע איינוואהנער פון איירופא זענען געווארען ווייס ערשט אין די שפעטערע צייטען; די ערשטע מענשען, וואס זענען פארצייטענס אהער געקומען האבען געהאט שווארצע הויט אונ דא אין דעם קאלטען קלימאט זענען זיי ביסלעכווייס געווארען ווייס אדער ריכטיגער געזאגט בלייך, אקוראט ווי עס ווערד בלייך א געוויכס, וואס מען טראגט איבער אויף איין אנדערען באדען, וועלכער איז ניט פאר איהם געאייגענט. אלס ביישפיל קענען דינען די ציגיינער, וועלכע האבען זיך איבערגעטראגען אין איירופא ערשט פאר 400 יאהר, אונ זייערע הויט ווערד מיט דער צייט וואס א מאל בלייכער.

דאס זעלבע, וואס מיר האבען דא געזאגט וועגען די קערפערליכע פעהלער פון איינעם פון די פארליבטע, געהט אן אויך ביי די גייסטיגע פעהלער, דעם חאראקטער, דעם טעמפעראמענט א. ז. וו. יעדע פערזאן זוכט אין דער געליבטער דאס וואס אין איהם פעהלט. דאנענען זעהען מיר דאס רוב ביי מענער, וואס האבען קיין פעהלער ניט, זיי שטימען איין צו הייראטען פרויען מיט פעהלער גיכער ווי יענע, וואס בעזיצען אליין א פעהלער. דאס ערקלערט אונז די ערשיינונג, אז א שענער מאנספערזאן פארליבט זיך מאנכע מאל אין א העסליכע פרוי.

אין דעם אויגענבליק וואס די געליבטע זעהען זיך דאס ערשטע מאל אונ בעטראכטען איינער די צווייטע, אין יענע בליקע, וואס זיי ווארפען איינער אויף דער צווייטער, אין יענעם קריטיקירען, וואס זיי קריטיקירען איינער דעם צווייטען מעלות אונ חסרונות, אין דעם אלעם פיהרט דאס רעדעל ניט דער שכל, ניט דער פארשטאנד, ניט די בערעכנונג, אבער בלויס דאס מלאכ'ל, וואס האט אויסגערופען אין הימעל איידער זיי זענען געבארען געווארען, אז זיי זאלען זיין א פארפאלק. דער מלאך וואס איז געזעצט איבער דער פארטפלאנצונג פון דער גאנצער מענשהייט.

יענער מלאך האט נאר איין שליחות, ער זארגט נאר פאר דעם קינפטיגען דור. אונ ביי איהם שפילט ניט קיין ראלע דאס גליק אדער דאס אומגליק פון די געליבטע, פאר איהם איז איינעגאל, אויב דאס פארפאלק וועט זיין גליקליך אדער אומגליקליך, ער וויל דאס זייניגע אויספיהרען אונ דערצו בענוצט ער אלע מיטלען צו פערבלענדען די אויגען. צו שמידען מיט קייטען די פארליבטע אונ זיי צו פארבינדען מיט זיין מאכט.

אונ ווי שטארק די מאכט איז, דאס זעהען מיר אויף יעדען שריט אונ טריט: מיר זעהען וואס יעדער פארליבטער קאן אלץ אפפערען פאר דער ליבע, אפילו דאס לעבען, אונ ווער שמועסט כבוד אונ פארמעגען. אויסצופיהרען דאס זייניגע טוט יענער מלאך אפילו אזאלכעס וואס דאס געזעץ האט שטארק פארבאטען. אזאלכע מעשות געפינען מיר פיעל אין דער גרויסער געשיכטע, ווי למשל די מעשה פון בת־שבע. איהם איז דעמאלס נאר געגאנגען וועגען דעם. אז עס זאל געבארען ווערען א שלמה המלך אונ דאס האט ער אויסגעפיהרט.

די קראפט איז אזוי מעכטיג, אזוי שטארק, אז ווי באלד דער מענש וויל זיך געגען איהר שטעלען, וועט ער בשום אופן ניט אויספיהרען. נאך מעהר זעהען מיר, אז ווען עס טרעפען זיך הינדערניסע, פשעשקאדעס, למשל די עלטערן דערלאזען ניט אויספיהרען דעם שדוך, דעמאלט פארליערט דער פארליבטער דעם חשק פון לעבען, ער איז גרייט צו שטארבען יעדע מינוט, אונ אזאלכע קאטאסטראפען טרעפען זיך אפט.

אונ ווייל די ליבע האט איהר צוועק אין דעם גליק פון דער גאנצער מענשהייט אונ בעזייטיגט אלע איינענע אינטערעסען פון די געליבטע, דעריבער האט זי אין זיך דעם הויכען, אידעאלען ווערט, די געטליכקייט, אז זי מאכט טייל מאל דעם נידריגסטען מענש פאר א א העכסט אידעאלישען, אונ פארבעסערט אין איהם די גרעסטע פעהלער.

הייראטען אוים ליבע האבען דעם צוועק דאס גליק פון דעם קינפטיגען דור, אבער ניט דאס גליק פון דעם פארפאלק: די פארליבטע מיזען שוין דורכפיהרען דאס לעבען טראץ זייער פארשידענע חאראקטערע אונ פארשידענע דעות. א שפאניש שפריכווארט איז דא: "ווער אוים ליבע הייראטעט, דער מיז דאס גאנצע לעבען ליידען". אבער הייראטען אוים בערעכנונג, שדוכים וואס עלטערן טוען מיט זייערע קינדער פאר איינענעם אינטערעס, חאטש זיי געבען דעם פארפאלק א גוט לעבען פאר איינענע פערזאן, זענען זיי דאך דאס רוב נעגען דער נאטור, אונ פאר איינענעם אינטערעם אפפערען זיי דאס גליק פון דעם קינפטיגען דור. פיזישע, מאראלישע אונ גייסטיגע ארימקייט פון דעם גרעסטען טייל מענשען אויף דער וועלט שטאמט גאר דערפון, וואס דאס רוב חתונות קומען ניט אוים ליבע, נאר אוים איינענע אינטערעסען. איין זאך בלייבט צו טרייסטען די איידלע הערצער פון די ליבענדע, אז מיט דעם געפיהל פון ליבע שטעהט פארבונדען דער געפיהל פון פריינדשאפט, וואס קומט פון דער הארמאניע פון די חאראקטערס, פון די גלייכע דעות, וואס ביידע פערהייראטעטע האבען, אבער דער געפיהל קומט ערשט שפעטער נאך דער ליבע.

מיכל וועבער.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

---

**12—7 ד"ר י. אלאפין 170**

**ווארשא, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט-, ווענערישע קראנקהייטען און מענערשוועכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה און פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

---

## ספרי ריב"ל האחרונים

זה עתה יצאו לאור:

**יזרעאל.** מאמרים ספרותיים, בקרת, באורים, דרושים, תשובות והשגות. 1 רובל.

**פתוחי חותם.** שיר ידידות וב' חידות, מכתבים ספרותיים, מטטרון, בדבר שיה"ש, גפן אדרת, ביאור הקדמת „האמונות והדעות" לרס"ג, בדבר בימה"ר בווילנא. 50 קאפ'.

**באר יצחק.** אגרות רצוא ושוב בינו ובין חכמי דורו 1 רובל

שלשתם יחד רק 2 רו"ב, עם המשלוח 2.25

3—3 ממכרם הראשי אצל: (191)

Книжн. маг. Б. Шейнфинкеля,
Варшава, Золотая 63.

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

**יהושע טיטעלבוים דזיקא 18**

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקלען, אקסידירען, און בראנזירען פערשיעדענע מעטאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע און פערזילבערטע כלים אויף צו פרישען ווי גאנץ נייע. גאראנטיערט פיר דויערהאפטיגקייט און צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

**נייעס!** פערשיעדענע אייסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמען-גירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ ביליג.

20—18 (99)

---

עס איז איצט ניי ערשיענען

## „פרצ'ס בלעטליך"

א זאמלונג פיר ליטעראטור, געזעלשאפט און עקאנאמיע.

ענטהאלט ערצעהלונגען, געדיכטע, פעליעטאנען, קריטיק, וויצען, אפראריזמען, און פאפולערע וויססענשאפטליכע ארטיקלען מיט אבבילדונגען פון פערשיעדענע בערימטע שרייבער. דער זשורנאל ענטהאלט 580 זייטען אין צוויי בענדער, פיין געדרוקט. פרייז פאר ביידע בענדער **בלויז 1 רובעל מיט פארטא.**

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג

**Я. Лидскій Варшава, Налевки 38.**

קאטאלאג פון פערשיעדענע זשארגאנישע ביכער, נאטען פיר פידעל און פיאנא און פון בילדער ווערד נאך פערלאנג פריי געשיקט.

3—2 195

---

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פערשיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50-3

---

## לעזט ביכער

אין 5 שפראכען

**אין צוקערמאנ'ס לייה-ביבליאטהעק**

194 5—2

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---



**Paryzkie nowe modele**

rekomenduje znany magazyn

**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**

**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.

(148) 25—6

---

## די אויסארבייטונג פון פראוויזאר דער פארמאציע סט. וואנגראווסקי.



**Kariol** — דער בעסטע מיטעל אויסצוראטאן אלערליי ווערם פון וואהנונגען. פרייז 5, 10, 15, 30 און 60 קאפ'.

**Dermina** — בעזייטיגט זומער-שפרענקלעך און געלע פלעקען. פרייז 60 קאפ.

**Agar** — דער בעסטער פלאסטער (מאזיט) צו היהנעראויגען (מאזאילעס). פרייז 30 קאפ.

צו בעקומען אין די אפטייקען און אין די אפטעצני סקלאדען, דער הויפט-פערקויף ווארשא, אפטייק פון ה' הוברט גרזיבאוו Nr. 10 און אין אפטעצני סקלאד פון ק. וואנגראווסקי דזיקא 56 אויף דער פראווינץ שיקט מען ארויס דורך פאסט אויף א נאכנאהמע.

(183) 5—4

---

# תמונות וציורים

## הוצאת „תושיה".

**א) אגרות גלויות עבריות** (פאסט-אנזיכטסקארטען) עם ציורים ביבליים הסתוריים, מחיי בני ישראל בהוה, טפוסים עברים ממפלגות שונות ומארצות שונות ותמונות אנשי השם, מעשי ידי טובי הציירים.

יצאה עד עתה הסריה הראשונה, המכילה ל"ו אגרות מצוירות א) שטל: דבורה; ב) ברוק-ליס: רות; ג) ה. ורגא: יהודית והולופרנס; ד) ש. לנדל: יהודית; ד) ע. בנדמן: על נהרות בבל; ו—ח) א. מ. ליליען: בת ויפי; שיר השירים; שמשון הגבור; ט—י) ל. אורי: נדחי ישראל; הגעגועים לארץ אבית: יא—יב) מ. גוטליב: שילק ויסכה; יהודים מתפללים; יג—יד) י. קויפמן: סוד המסחר; האב מורה את בנו פרק בחכמת החשבון; טו) י. יזרעלס: בן העם העתיק; טז) ק. צבי: השפקן; יז) ה. לפינסקי: הרוכל; יח) נ. זיכל: עלמה עבריה; יט—כ) י. פרטליס: עבריה מטנגר; עבריה מטיטואן; כא) א. נוסיג: היהודי הנצחי; כב) א. מרקוביץ: המלמד; כג) בידא: לפני הכתל המערבי; כד) ש. הירשנברג: ישיבה; כה) טרנקבסקי: חתונה יהודית; כו) סטריאבסקי: תשליך; כז) ברוך שפינוזה; כח) בנימין דיזרעלי (לורד ביקונספילד); כט) ה. גראטץ וי. מ. יאסט; ל) יוסף יזרעלס; לא) לסר אורי; לב) יהודים מהרי קוקז; לג) יהודי תימני; לד) יהודים מארץ תימן; לה) יהודי תימני; לו) עלם עברי מבוכארא.

מחיר כל אגרת 5 ק' בלי משלוח. הקונה כל הסריה בפעם אחת ישיגה חפשי מפאר'. המשלוח לאגרת אחת או לארבע: 2 קאפ'.

Издательство „Тушія", Варшава.

**Verlag „Tuschijah", Warschau.**

172 בע"פ: נובוליפקי 7, מעון 9. 10 - 6

---

## לעזט און הערט דעם אמת!!



אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אויס קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.





זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהרט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

(135) 50—7

---

# נייעס!

## פראקטיש און ביליג!

**טאשען-קאסעס** (½ לויט וואג) אין ניקעל און פלאטיע, זעהר פראקטישע שפארזאם קאססעס אנצוזאמלען זיך א סוממע, דורך אריין לעגען אין קאסעלע יעדען טאג א 10 קאפעקען שטיק, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלויבט זיך אן 5 רובעל.

דאס קאסעלע איז זעהר ניצליך פיר פרויען און קינדער און איבערהויפט פיר אינקאסא און אסעקוראנץ אגענטען איבער צו געבען עס די קונדען גראטיס. אלס פראבע שיקען מיר אויך ארויס 1 דוצענד.

אגענטען מיט גוטע בעדינגונגען ווערען געזוכט.

— פאטענט № 19401 —

3—2 אדרעסע: (161)

**В. Тененбаумъ**

Варшава, Гусья 27, кв. 37.

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ'ליכע ערקלערונג חנם לכל דורש.

**Я Найдичъ, Варшава.**

---

# פיעדעל

שפיעלען איזט לייכט צו ערלערנען דורך די נייע וויאלין-מעטאדע פון הערמאן **שטיפט** — אין יודישער שפראכע און מיט ביישפיעלען און נאטען ערקלערט, אין 2 טהיילען. פרייז פון יעדען טהייל 75 קאפ' מיט פארטא. הויפטפערקויף:

Книжн. магаз. А. ЦУКЕРМАНЪ

(182) Варшава, Налевки 7. 3—3

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: Юдку Вейнбляту

Варшава, Слизкая 22.

(105) 25 - 1

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע עט פלאטעע-וואארען.**

(128) 50 15

**Н. ШЕКМАНЪ** Варшава, Налевки № 20.



גאזין נאלעווקי 20. פאבריק דזיקא 10.

עס ווערט אנגענומען

# אבאנעמענט אויף די טעגליכע צייטונג

# „דער פריינד"

## ארויסגעגעבען אין פעטערבורג פון ש. גינזבורג און ש. ראפאפארט.

---

„דער פריינד" געהט ארויס נאך דעם פראגראם פון גרויסע אלגעמיינע טעגליכע צייטונגען. ער בריינגט אלע טאג צוגלייך מיט די גרעסטע צייטונגען, טעלעגראמעס, נייעס און בריעף פון דעם אלגעמיינעם ווי אויך פון דעם יודישען לעבען אין רוסלאנד און אין אויסלאנד.

„דער פריינד" גיט ארטיקלען איבער פאליטיק, איבער פראגען פון אלגעמיינעם און יודישען לעבען און איבער אלע יודישע ענינים.

„דער פריינד" גיט זיינע אבאנענטען תשובות פון ספעציאליסטען אויף פראגען איבער געזעצען און רעכטע און איבער טעכניק און מלאכה.

„דער פריינד" גיט א פיעל ארט אויף ערצעהלונגען, פעלעטאנען און וויסענשאפטליכע ארטיקלען.

פון צייט צו צייט, ווי ווייט מעגליך יעדע וואך, בעקומען די אבאנענטען בעזונדערע ביילאגען, וועלכע ענטהאלטען ראמאנען, ערצעהלונגען, שירים און וויסענשאפטליכע ארטיקלען.

די נאהענטסטע מיטארבייטער פון „פריינד" זיינען:

**ד"ר י. לוריא** (דער פריהערדיגער רעדאקטאר פון „יוד"), **ד"ר ח. ד. הורוויץ** (דער פריהערדיגער רעדאקטאר פון דער „פאלקס-צייטונג").

אין „פריינד" ווערען געדרוקט ארטיקלען, ערצעהלונגען און שירים פון:

ש. י. אבראמאוויטש (מענדעלי מוכר-ספרים), ש. אש, ח. נ. ביאליק, גוט מארגען, י. דינעזאהן, א. דרויאנאוו, ד"ר ש. הלוי, ליפמאן לעווין, ד"ר י. ליאקומאוויטש, ד"ר ג. לעווין, א. ל. לעווינסקי, מ. ל. ליליענבלום, מ. ספעקטאר, ש. פרוג, י. ל. פרץ, ד. פרישמאן, ד. פינסקי, י. י. פראפוס, י. ח. ראבניצקי, מאררים ראזענפעלד, י. ח. רחלין, ש. ראזענפעלד, א. רייזען, שלום-עליכם, י. שטיינבערג, און אנדערע יודישע פאלקס-שרייבער.

„דער פריינד" האט אייגענע שטענדיגע קארעספאנדענטען אין אלע גרעסערע שטעדט אין רוסלאנד און אויסלאנד.

### פון אפריל אן וועט דאס גאנצע בלאט געדרוקט ווערען מיט נקודות

נור די אבאנענטען פון דעם „פריינד" קענען בעקומען פאר **בילינע מקחים** די דאזיגע ווערק:

1) **„די שריפטען" פון י. ל. פרץ**, 2-טע אויפלאגע, א גרויסער באנד פון 60 דרוק-בויגען, אנשטאט 2 רובל. — 70 קאפ. מיט פארטא 1.20 רובל.

2) **דריי גרויסע ראמאנען פון י. דינעזאהן**, אין פיער בענדער **„אבן נגף" „הערשעלע"** און **„יאסעלע"**, אנשטאט 2.20 — 70 קאפ. — מיט פארטא 1.05 רובל.

(2—1) **אבאנעמענטס-פרייז:** (202)

אויף 9 חדשים (פון אפריל ביז ענדע יאהר) — **5.25** רובל, אויף א האלב יאהר — **3.50** רובל, אויף א פיערטעל יאהר **1.75** רובל.

בעשטעלונגען מיט נאכנאהמען, ווי אויף די צייטונג, אזוי אויף פרץ'ס און דינעזאהן'ס ווערק ווערען ניט אנגענומען.

אדרעס:

**Въ Редакцію „Деръ Фрайндъ" С. Петербургъ, Екатерининскій каналъ, 71.**

Redaction „Der Fraind" Petersburg, Ekaterininski Kanal 71.